1244

י. מ. קאַפּלינסקי

# דער ווידוי
# פון אַ פּראוואָקאַטאָר

(המשך פון ביכל נר. 55)




פאַרלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"

1931 וואַרשע

אין עטלעכע חדשים ארום בין איך, זייענדיק אין ווילנע, אריין צו באראנאוון, וואו איך האב געטראפן פעסטרונינען. דאס מאל האט דער לעצטער זיך געקלאגט אויף דעם, אז אין קיין פאל גיט זיך אים נישט איין אויפצודעקן די דרוקעריי אז דער דעפארטאמענט פון זיין זייט איז נאר פארנומען מיט אט דער איין פראגע, און אז אלע מיינע באווייזן, אז אין ווילנע איז קיין דרוקעריי פון „בונד“ נישטא, וויל דער דעפארטאמענט נישט אננעמען און ס'איז אזא שווערע לאגע, כאטש נעם און באשאף קינסטלעך א דרוקעריי און ארעסטיר איר דערנאך. „נאך אלעם, האט ער פארגעזעצט, וואלט איך זיך וועלן ווענדן צו אייך נאך הילף, און איך בין זיכער, אלס מיטארבעטער וועט איר מיר אין דעם נישט אפזאגן“. זיין מעלדונג האט מיך אויף אזוי פיל איבערראשט, אז איך האב אים אין א שארפער פארם געענטפערט פאלגנדיקעס: „ערשטנס, דערלויבט מיר אייך צו מעלדן, אז איך פארנעם נישט קיין פאסטן און קלאר, אז מיטהעלפן אייך אין דעם בין איך נישט מחויב, בפרט נאך, אז איך רעכן אזא טאט פאר נישט ערלעך“. אויסער דעם האב איך אים דערמאנט וועגן דעם, וואס ער האט מיר דער־

ציילט בעת מיר האָבן זיך געזעז דעם ערשטן מאָל, אַז דער פּראָקוראָר האָט זיך נאָך דער אויספאָרשונג פון דער ער־מאָרדונג פון אַ פּראָוואָקאַטאָר אין פּינסק, אַרויסגעזאָגט נעגאַטיוו צום גאַנצן סיסטעם פון פּראָוואָקאַטאָרישער טע־טיקייט. נאָך מער, דאָס אָרגאַניזירן די דרוקעריי איז נישט קיין געזעצלעכער אַקט און אַ ריין פּראָוואָקאַטאָרישער. פּעסטרונינען האָב איך שוין מער נישט געזען. צו באַראַ־נאָוון בין איך נאָך אַריין אַ מאָל צוויי אָדער דריי. מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויפדעקן די פּראָוואָקאַטאָרן, די עקזיסטענץ פון וועלכע מיר איז געווען קלאָר, ווייל אין ווילנע זענען אין דעם פּעריאָד איינצלנע אַרעסטן געוואָרן אַ געוויינלעכע דער־שיינונג. עס האָט זיך מיר איינגעגעבן פעסטצושטעלן כייפעצן, וועלכן מ'האָט אויפגעדעקט אין „פּאַסלעדניאַ איזוועסטיאַ". ער איז שוין באַוואוסט געוואָרן אין אַלע אָרגאַניזאַציעס. נאָר די אָכראַנקע האָט, ווי ס'ווייזט אויס, קיין גרויסע באַ־דייטונג אים נישט צוגעשריבן. אין 1904 יאָר איז מיר אויס־געקומען אַ מאָל 2, 3 , באַגעגענען זיך מיט קלימאָוויטשן, וועלכער איז דאַן געווען דער נאַטשאַלניק פון ווילנער אָכראַ־נע־אָפּטיילונג און דער, וואָס איז אָנגעשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל איבערפאָרן אין ווילנע אויף צו באַזעצן זיך, צוזאָגנדיק זיין מיטהילף אין דעם זין פון רעקאָמענדירן באַ־שטעלונגען. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם; מאָטיווירנדיק ערשטנס מיט דעם, וואָס מיר איז שוין קיין סך נישט גע־בליבן ביז לעצטן טערמין פון מיין זיין אונטער דער אויפ־זיכט פון פּאָליציי און, צווייטנס, פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן; דער לעצטער מאָטיוו, אַז איך קען אין אַלגעמיין נישט זיצן אין ווילנע. אין אַפּריל 1905 יאָר האָב איך אין דווינסק צופע־ליק גענומען אַן אָנטייל אין דער פאַרזאַמלונג פון קאָלעקטיוו,

װעלכער איז אַרעסטירט געוואָרן. אונז האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ וואָכן צוויי דריי און אַרויסגעלאָזן אַז רעזולטאַטן. די סיבּות פון אַרעסט האָב איך נישט געקענט פעסטשטעלן. לערך אין מאַי 1905 יאָר, ווען דער טערמין פון מיין שטראָף האָט זיך געענדיקט, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו איך האָב זיך געהאַט בּדעה איינצואָרדענען. אין וואַרשע האָב איך מיט דער אָכראַנע קיין באַציאונגען נישט געהאַט. אין אָקטאָבּער יענעם יאָר, ווען ס'האָבּן זיך אָנגעהויבּן די רעװאָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען, האָב איך גענומען אַן אַנטייל אין אָרגאַניזירן זיי. צו דער זעלבּער צייט איז אין אויסלאַנד פאָרגעקומען דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון „בּונד", אין וועלכן איך האָב געדאַרפט נעמען אַן אַנטייל, אויף וואָס בּיי מיר איז שוין פאַרטיק געווען אַן אויסלענדישער פּאַס, נאָר צוליב די געשעענישן, האָב איך באַשלאָסן בּלייבּן אויפן אָרט, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אַז אין אַזאַ צייט דאַרף מען האָבּן מענטשן אויף די ערטער. אין נאָוועמבּער יענעם יאָר איז אין דער דירה, וועלכע האָט אונז פלומרשט געדינגט פאַר אַ ביוראָ אויף צו קלויבּן ידיעות וועגן די פאַרגעקומענע געשעענישן און אויך וואו איך פלעג עסן מיטאָג, פאָרגעקומען אַן אונטערזוכונג און מ'האָט אַרעסטירט אַ גרופּע פון 15—17 מענטשן. אונז אַלעמען אינאיינעם מיט די בּעל־הבּתּים פון דער דירה האָט מען אַוועקגעזעצט אין תּפיסה. מיך און דעם בּעל־הבּית פון דער דירה האָט מען אַוועקגעזעצט אין איין קאָרידאָר איבּער אַ קאַמער. דער רעזשים פון תּפיסה איז געווען נישט אַזאַ שטרענגער, דאָס הייסט, אַז מיר האָבּן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זעען זיך. אין דעם זעלבּן קאָרידאָר קעגנאיבּער אונז איז געזעסן איינער אַ ייִד, צו וועלכן מיר פלעגן גאַנץ אָפט אַריינגיין אין קאַמער, וואָס

לויט זיינע איבערצייגונגען האָט ער זיך אַרויסגעגעבן פֿאַר אַן אַנאַרכיסט. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען האָט בײַ אים קיין קאָמפּראָמיטירנדע זאַכן נישט געפֿונען, האָט ער זיך אויף דער אויספֿאָרשונג אַרויסגעזאָגט וועגן זיינע איבערצייגונגען.

לערד איז אַ וואָך אַרום האָט ער אונז מיט טרערן איז די אויגן דערציילט, אַז בײַ אים איז נאָר וואָס געווען דער אָפֿיציר און אים געמאָלדן, אַז זיין ענין איז איבערגעגאַנגען אין פֿעלד־געריכט, און אַז אין אַ טאָג־דריי אַרום וועט מען אים פֿון דאַנען צונעמען. אויסהערנדיק די געשיכטע, בין איך מיט מיין בעל־הבית פֿון דער דירה, וועלכער האָט געהייסן אַברהם, אַזוי צעמישט געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך נישט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלייבן אין דעם. נאָר ביסלעכווייז, ווען דער אַנאַרכיסט האָט אונז אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערלייגן, אַז אין אַ טאָג־דריי אַרום וועט מען אים פֿון דאַנען גלייך צונעמען אויף הענגען, האָבן מיר פּשוט נישט געוואָלט גלויבן אין דעם, און זיך געסטאַרעט מיט אַלערליי מיטלען טרייסטן אים און דערווייז, אַז מסתּמא האָט דער אָפֿיציר געוואָלט אַ שפּאַס טון פֿון אים און אָנשרעקן. אויפֿן צווייטן טאָג האָט זיך באַוויזן אין די צייטונגען נאָטיצן, וועלכע האָבן באַשטעטיקט די רייד פֿון אָפֿיציר, אַז אַ גאַנצע גרופּע מענטשן וועט איבערגעגעבן ווערן דעם מיליטערישן פֿעלד־געריכט און אין דער צאָל אויך אונזער אַנאַרכיסט. דער פֿאַקט איז באַשטעטיקט געוואָרן און די דריי טעג זענען בײַ אונז דורכגעגאַנגען אין איין שרעק: אונז האָט זיך אַלץ געוואָלט, אַז דאָס אַלץ זאָל נישט זיין אמת און יעדן טאָג, ווען מיר פֿלעגן צו אים אַריינגיין, פֿלעגן מיר אים זאָגן, אַז אין דעם איז קיין שרעקלעכעס נישטאָ, און דער געריכט קען אים

נאָך באַרעכטיקן, באַזונדערס, — ווען מען האָט בײַ אים קיין קאָמפּראָמיטירנדעס נישט געפונען.

דער שווערסטער טאָג פאַר אונז איז געווען דער דריטער, כאָטש מיר האָבן זיך געסטאַרעט וועגן דעם נישט טראַכטן, נאָר יעדער בײַ זיך אין הארצן האָט זיך געשראָקן, אַז אָט קומט מען נאָך אים. דערוואַרטנדיק די „פּראָווערקע", האָבן מיר זיך צוזעגנט און פאַרזיכערט אים, אַז די סכּנה האָט שוין געמיטן, נאָר אין הארצן איז קיינער פון אונז נישט געווען רואיק. איך האָב באַשלאָסן נישט ליגן זיך שלאָפן פאַר 12 אַ זייגער, זייענדיק זיכער, אַז אויב מען וועט אים צו דער צייט נישט צונעמען, וועט שוין זײַן נישט וואָס צו שרעקן זיך. איך האָב זיך אַנגעהויבן אויסטון, ס'איז געוואָרן רואיק, און אינמיטן פון דער שטילקייט האָט זיך מיט אַמאָל דער־הערט אַ הארצרייסנדער געשריי: „זייט געזונט חברים" און ווי אַז אָפּקלאַנג האָט זיך אין גאַנצן קאָרידאָר אָפּגעגעבן דער „זייט געזונט". דאָס איז געווען דער ענטפער פון אַלע פאַרשפּאַרטע. איך וועל נישט נעמען באַשרייבן, ווי איך האָב איבערגעלעבט די נאַכט; איך וועל נאָר באַמערקן, אַז אין דער זעלבער נאַכט און אויך אין דער קומענדיקער האָב איך נישט געפּרואווט שלאָפן, און נאָר דאַן, ווען מען האָט אונזער גאַנצע גרופּע אַרײַנגעזעצט אין איין קאַמער, האָב איך ביסלעכווייז אַנגעהויבן זיך צו באַרואיקן. אין גיכן נאָך דעם איז בײַ אונז געווען אַן אויספאַרשונג. יעדער איינצי־קער פון אונז האָט דערקלערט, אַז צופעליק האָבן מיר זיך געטראָפן אין יענער דירה. גלייכצייטיק פלעגן אין די צייטונ־גען גאַנץ אָפט זײַן ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון פעלד־געריכט איבער אַ ריי גרופּעס.

אין אַביסל צייט אַרום האָט מען מיך אַרויסגערופן אויף

אַז אויספֿאָרשונג. אַריינגייענדיק אויף דער אויספֿאָרשונג, האָב איך דערזען פֿאַר זיך קלימאָוויטש, וועלכער האָט מיר דערקלערט פֿאָלגנדעס: „זייענדיק אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָב איך צופֿעליק דערזען אַ רשימה פֿון אַרעסטירטע, וואו כ'האָב געטראָפֿן אייער נאָמען אויך. דאָס האָט מיר פֿאַר־אינטערעסירט און כ'האָב באַשלאָסן ספּעציעל קומען צו פֿאָרן און דערוויסן זיך, וואָס דאָ איז. אין וואַרשע האָט מען מיר גע־זאָגט, אַז ס'איז דאָ אַ חשד, אַז אייער קרייז האָט זיך פֿאַר־מאָסטן מאַכן אַ עקספּראָריאַציע". „אויב אַזוי בין איך רו־איק, ווייל איך רעכן, אַז קענענדיק מיך, וועט איר דאָך נישט גלויבן, און איך פֿון מיין זייט קען זיך אָננעמען פֿאַר דעם גאַנצן קרייז, אַז ער איז צו דעם נישט שייך". „יאָ" האָט זאָג געטון קלימאָוויטש: „איך האָב אין דעם נישט געגלויבט; אָבער זייט ווּיסן, אַז איצטער שפּילט מען זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן, ווייל סקאַלאָן איז אַ מענטש אַ האַרטער. אויב איר נעמט זיך פֿאַר אייער גאַנצן קרייז, וועל איך זיך סטאַרען, אַז מען זאָל אייך אַלעמען באַפֿרייען, נאָר איך בעט אייך נאָכן באַפֿרייען זיך נישט אומקערן זיך צו אונז מיט דער פּלייצע, און אויב איר וועט זיין אין וואַרשע, בעט איך אייך זיך צו זען מיטן נאַטשאַלניק פֿון דער אָכראַנע־אָפּטיילונג". אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט מען אונז אַלעמען באַפֿרייט. איך האָב געמאָלדן דעם וואַרשעווער נאַטשאַלניק פֿון אָכראַ־נע־אָפּטיילונג, אַז איך האָב נישט בדעה צו בלייבן זיצן אין וואַרשע.

איך בין אַוועקגעפֿאָרן קיין דווינסק, און גלייך נאָך דעם קיין ווילנע, וואו איך האָב גערעכנט איינאָרדענען זיך מיט דער פֿאַמיליע. דער נאַטשאַלניק פֿון ווילנער אָכראַנע־אָפּטיי־לונג איז געווען שעבעקאָ. דאָס איז געווען אַ גראָבער נישט

קיין טאַקטישער מענטש, אַז אומוויסנדער דעספּאָט, גענוצט זיך מיט זיין מאַכט נישט פּאַנאַנדערגעקליבענערהייט. זיי־נער אַ חבר פון די שול־יאָרן, וואָס איז געווען ביי אים אַז אַגענט איבער „באַזונדערע פולמאַכטן", דעקטעריעוו, האָט דערציילט וועגן אים אַט וואָס: „ס'איז געווען גענוג, אַז ווער נישט איז פון שעבעקאָס חברים, פריינט אָדער באַקאַנטע זאָלן זיך צעקריגן מיט אימיצן, איז געווען רעכט, אַז דער באַליידיקער זאָל אין בעסטן פאַל אין אַ משך פון 24 שעה ארויסגעשיקט ווערן פון ווילנע, און געווען אַפילו אַזעלכע, וועמען מען האָט מכבד געווען מיט סיביר". ווער האָט מיך צונויפגעפירט מיט שעבעקאָן און ווי אַזוי איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט געדענק איך נישט. איך וועל איבערגיין צו דער ערשטער באַגעגעניש מיט שעבעקאָן, וואָס איז פאַרגע־קומען אין 1906־טן יאָר. „איר האָט דאָך מסתּמא גע־הערט — האָט אָנגעהויבן שעבעקאָ — וועגן דעם באַוואוסטן בונדאָוויעץ „מאַקסים", דער אַזוי גערופענער פּרעזידענט פון דער באַלטישער רעפּובליק; ער געפינט זיך אין ריגע און מיר קענען אים אין קיין פאַל נישט פאַרהאַלטן. איך ווייס, — איר זענט אַ מענטש אַן אָרימער, און איך פאַרשטיי באמת נישט, פאַרוואָס איר האָט זיך נישט געסטאַרעט צו פאַרבע־סערן אייער לאַגע. איצט וועל איך אייך געבן אַ מעגלעכקייט דערצו". אַרויסנעמענדיק אַ טשעק־ביכל, זעצט ער פאָר: „איך וועל אייך אָנשרייבן אַ טשעק אויף 5000 רובל, און ווען מאַקסים וועט זיין אין אונזערע הענט, וועט איר באַקו־מען נאָך אַזוי פיל. געדענקט, אַז דער אָפיציר, וועלכער האָט פאַרהאַלטן גערשונין, האָט אויך באַקומען אַזאַ סומע. נאָר איר זענט דאָך נישט קיין אָפיציר, און אויב איך לייג אייך פאָר אַזוי פיל, טאָ נוצט אויס דעם פאַל און קומט אונז צו

הילף און זיך וועט איר פֿאַרשאַפֿן אַ קאַפּיטאַל". אויסהערנ־דיק אַזוינע רייד, בין איך אַזוי איבעררעשט געוואָרן, אַז אַט־אַט האָב איך געוואָלט דערקלערן: „כאַטש איר לייגט מיר פּאָר מער, ווי 30 זילבערנע מטבעות, נאָר פונדעסטוועגן בין איך נישט „יודע". נאָר דאָ האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר מיר אַזוי ווי לעבעדיק דאָס בילד פון וואַרשעווער אַנאַרכיסט און אַפּרוקנדיק מיט דער האַנט דאָס טשעק־ביכל, האָב איך געזאָגט שעבעקאַן: „וואַרט נאָך מיטן געבן געלט. איך וועל זיך פריער דערוויסן, צי קאָן איך אייך צונוץ קומען, און דאָס געלט, רעכן איך, וועט גאַנץ זיין". איך בין אַוועקגעפאָרן קיין דווינסק. אינגיכן איז מאַקסים אויך געקומען צו פאָרן, אָפּגעשטעלט זיך ביי מיר און פון דאַנען אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד. נאָכדעם, אין אַ שטיקל צייט אַרום, האָב איך זיך איינגעאָרדנט מיט דער פאַמיליע אין ווילנע און כ'האָט פאַר־נומען אַ שטעלע פון אַ מאַשיניסט אויף דער ראָטאַציע־מאַשין ביי דער דרוקעריי פון „בונד". אַזוי ווי מיינע באַ־ציאונגען מיט דער אַבראַנע האָבן צו יענער צייט פאַרלוירן זייער באַדייטונג, האָב איך באַשלאָסן צוטרעטן צו ליקווידירן זיי אינגאַנצן.

דעריבער האָב איך אינגאַנצן באַשלאָסן צו דערווייטערן זיך פון דער אָרגאַניזאַציע, נעמענדיק אַן אַנטייל אויס־שליסלעך אין דער לעגאַלער אַרבעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ווען איך בין געקומען פון לוואָוו, וואו עס איז פאָרגעקומען דער 7־טער צוזאַמענפאָר פון „בונד", אויף וועלכן איך בין דעלעגירט געוואָרן פון דער ווילנער אָרגאַ־ניזאַציע, און אין וועלכן איך האָב גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל צוליב דער וויכטיקער פראַגע, וועלכע האָט זיך דאָרט פאַ־נאַנדערגעקליבן — די פראַגע וועגן צונויפגיסן זיך מיט

ר. ס. ד. ר. פ. — איז ביי מיר געווען אַ אונטערזוכונג און מען האָט מיך אַרעסטירט.

איבערגענעכטיקט איין נאַכט אין תּפיסה, בין איך אַוועק צו שעבעקאָן, וועלכער האָט מיר דערקלערט פאָלגנדעס: „לויט די ידיעות, וואָס איך פאַרמאָג, האָב איך גערעכנט געפינען ביי אייך אַ געהיימע דרוקעריי, נאָר צום באַדויערן האָט מען ביי אייך גאָרנישט געפונען און דעריבער בין איך געצוואונגען אייך צו באַפרייען. גלייכצייטיק מעלד איך אייך, אַז איר דאַרפט מיר געבן ידיעות וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". אין קעגנפאַל, וועל איך קעגן אייך אויפהויבן אַ קאַמף, דאָס הייסט, איך וועל געבן צו וויסן אין דער אָרגאַניזאַציע, אַז איר זענט אַ אַגענט פון אָכראַנקע, און רעכנט נישט, אַז אייך וועט זיך איינגעבן צו באַרעכטיקן זיך מיט דעם, וואָס איר האָט קיין ידיעות נישט געגעבן. גיין, זייט וויסן, אַז אויף אייער נאָמען איז אַזויפיל ידיעות פאַראַן, אַז דאָס וועט שוין גענוג זיין צו באַשולדיקן אייך אין פּראָוואָקאַציע". —„דאָס איז דאָך אָבער פאַלש", האָב איך אַ געשריי געגעבן נישט מיט מיין קול. אנשטאָט אַ ענטפער האָט ער זיך טייוולאָניש צעלאַכט און אַ קוק געגעבן אויף מיר מיט אַ שאַרפן קוק: —„אנו פּרואוו זיך אָנפאַלן אויף מיר!" איינהאַלטנדיק זיך, האָב איך אים אין אַ קאַטעגאָרישער פאָרם געמאָלדן: איר דאַרפט נישט וואַרטן פון מיר אויף קיין שום ידיעות און טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט, נאָר וועגן דעם אַלץ וועט זיין באַוואוסט אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט".

ביי שעבעקאָן האָט דאַן געדינט דער אויבנדערמאָנטער דעקטעריעוו. דער לעצטער האָט דערציילט, אַז ער האָט פריער געדינט אין אייזנבאַן־פאַרוואַלטונג אויף דער סטאַנציע סווענציאַני, נאָר דערנאָך איז ער געווען געצוואונגען צו פאַר־

לאָזן דאָס אָרט. צום סוף האָט ער זיך באַגעגנט מיט שעבע־קאָן און איז געקומען צו אים אַלס באַאַמטער אויפֿן פּאָסט פֿון „באַזונדערע פּולמאַכטן". איך בין אַוועק צו דעקטעריעוון און קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז מיט שעבעקאָן וועל איך זיך מער נישט באַגעגענען. אויסער דעם האָב איך אים געבעטן, אַז טאָמער וועט פֿון דעפּאַרטאַמענט קומען צופֿאָרן אַ טשי־נאָווניק, זאָל מען מיר געבן די מעגלעכקייט צו זעען זיך מיט אים. אין עטלעכע חדשים אַרום איז אין ווילנע געקו־מען צופֿאָרן אַ טשיאָנאָווניק פֿון דעפּאַרטאַמענט בעקלעמישעוו. דעקטעריעוו האָט אונז באַקאַנט און, דערציילנדיק בעקלעמי־שעוון וועגן מײַן צוזאַמענשטויס מיט שעבעקאָן, האָט ער דערקלערט, אַז איך רייס איבער אַלע פֿאַרבינדונגען מיט דער אָכראַנקע, אויב עס וועט קלאָר ווערן, אַז שעבעקאָ האָט גע־געבן וועגן מיר וועלכע נישט איז ידיעות. בעקלעמישעוו האָט מיך פֿאַרזיכערט, אַז אַלץ, וואָס שעבעקאָ האָט געזאָגט, איז בלויז אומטאַקטישע פּלוידערייען און מען דאַרף זיי נישט צוגעבן קיין באַדייטונג. ווײַטער האָט ער מיר געזאָגט, אַז שעבעקאָן פֿירט מען איבער פֿון ווילנע. דערבײַ האָט ער מיך געבעטן נישט איבערצורייסן די באַציאונגען מיט דער אָכ־ראַנקע, ווײַל איך קאָן זיי צונוץ קומען אין פֿאַנאַדערקלויבן זיך אין די פּאַרטייאישע פּראָגראַמען.

אין אויגוסט 1909־טן יאָר, האָט מיר דער צ. ק. פֿון „בונד" געמאָלדן, אַז אים איז באַוואוסט, אַז איך בין אַ מיטאַרבעטער פֿון דער אָכראַנקע פֿון 1899־טן יאָר. פֿאַר מיר איז דאָס נישט געווען אומדערוואַרטעט. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס כ'האָב שוין דאַן אָנגענומען טריט אויף צו ליקווידירן מײַנע באַציאונגען מיט דער אָכראַנקע, האָט די באַ־שולדיקונג, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די מיטגלי־

דער פון צ. ק. אין א זיכערער און קאטעגארישער פארם, אזוי שלעכט געווירקט אויף מיר, אז די ערשטע צייט האב איך מיט גרויס מי אנגענומען מיטלען צו פארענטפערן זיך. איך האב דערווידערט, אז דער קאמיטעט קען זיכער נישט פעסט־שטעלן מיין מיטארבעט אין אכראנקע מיט שאדן פאר דער ארגאניזאציע, ווייל איך האב געהאלטן אין מיינע הענט די פעדים פון דער ארגאניזאציע און פונדעסטוועגן איז אלץ ארוים גאנץ. אויף די אלע באווייזן, האט מען מיר גענענט־פערט, אז מען האט ריכטיקע ידיעות. און אז דער איינצי־קער אויסוועג, אז איך זאל וואס גיכער פארן קיין אויסלאנד און שטעלן זיך צו אן ערן־געריכט. נישט טראכטנדיק לאנג, האב איך געמאלדן, אז איך וועל תיכף ליקווידירן מיינע עסקים און פארן לויטן אנגעוויזענעם אדרעס.

ס'זענען אריבער 3 שרעקלעכע טעג. נאך א לאנגן אי־בערטראכטן בין איך געקומען צום באשלוס, אז די נסיעה איז נאך פריציפיטיק (וועגן די מאטיוון וועל איך רעדן שפע־טער, ווען איך וועל קומען צו דער פראגע, פארוואס האב איך זיך נישט געמאלדן צום ערן־געריכט). איך בין אוועק־געפארן קיין קאזאן, און אויפן צווייטן טאג האט מען וועגן מיר עפנטלעך געמאלדן. דא וועל איך ברענגען דעם בוכ־שטעבלעכן טעקסט פון דער יידישער צייטונג „דער פריינט" פון 6־טן אקטאבער 1909 יאר נומ. 220 אונטער דעם קעפל: „פראוואקאטאר אין בונד". „אין די אויסלענדישע צייטונ־גען איז פארעפנטלעכט פאלגנדיקע מיטטיילונג: אויפן סמך פון גאר זיכערע ידיעות, וואס דער צ. ק. פון „בונד" האט באקומען, מעלדעט ער, אז דער מיטגליד פון דער בונדישער פארטיי, קאפלינסקי, דינט אלס אגענט אין אכראנקע שוין; סוף 1899 יאר, זינט ער איז פרייגעשפראכן געווארן פון

מאָסקווער תּפיסה. קאַפּלינסקי האָט גענומען אַן אַנטייל אין דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג נאָך ביז וואַנען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד“. נאָך דער גרינדונג פון „בונד“ האָט ער געאַרבעט אין דער אַלגע־מיינער דרוקעריי אין באָברויסק, וואו ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1898 יאָר. נאָך דער באַפרייאונג האָט קאַפּ־לינסקי גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַרשידענע שטעט, ווי ווילנע, דווינסק, וואַרשע. ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אַנגעזעענסטן מיטגליד פון „בונד“.

לויט דער באַפּולמעכטיקונג פון צ. ק. האָט ער געגעבן הילף די טעכנישע אַנשטאַלטן. אַזוי ווי אין די צייטונגען האָבן זיך באַוויזן ידיעות, אַז קאַפּלינסקי איז געווען אַ מיט־גליד פון צ. ק., האָט דער צ. ק. געמאָלדן, אַז קאַפּלינסקי איז קיינמאָל נישט געווען קיין מיטגליד פון די צענטראַלע אַנ־שטאַלטן פון „בונד“. די לעצטע צוויי יאָר האָט קאַפּלינסקי פון דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט זיך אינגאַנצן דערווייטערט, שוין מער ווי אַ יאָר האָט ער נישט גענומען קיין אַנטייל אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. לויט די ידיעות, וואָס דער צ. ק. האָט באַקומען האָט קאַפּלינסקי גע־געבן דער פּאָליציי אָנווייזונגען וועגן אַ גאַנצער ריי אַנגע־זעענסטע מיטגלידער פון „בונד“. ער האָט אינפאָרמירט די פּאָליציי, אין וועלכע שטעט געפינען זיך דרוקערייען פון „בונד“, ווער אַרבעט אין זיי, ווער האָט זיך פאַרנומען מיט טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור און א. וו. די באַשולדיקונג איז קאַפּלינסקין צוגעשטעלט געוואָרן, מען האָט אים געגעבן אַ טערמין, אין וועלכן ער האָט געקענט אויסנוצן זיינע רעכט אויפן פּאַרטייאישן געריכט. מען האָט אים אָנגעוויזן אויף

דעם, אַז אויב ער שטעלט זיך נישט צום געריכט, אַנערקענט ער אַליין זיין שולד. ער האָט געמאָלדן, אַז ער פּאָרט זיך שטעלן צום געריכט, נאָר פאַקטיש האָט ער זיך נישט גע־מאָלדן. ווי מען גיט איבער איז ער אַפּגעפאָרן קיין קאַזאַן". ווייטער אין דעם זעלבן אַרטיקל פון יענער ציַיטונג אונ־טערן קעפּל „פּראָוואָקאַטאָר אין בונד". „קאַפּלינסקי, האָבנ־דיק אַ גרויסן פאַרשטאַנד אין דרוקעריי־אַרבעט, האָט ער ערפונדן אַ דרוק־פּרעס. מיט דער הילף פון אַ גרופּע מענטשן האָט ער געקריגן געלט, שריפט און געעפנט די ערשטע יידישע אומלעגאַלע דרוקעריי. אינגיכן איז פון דרוקעריי אַרויס דער ערשטער נומער „אַרבעטער־שטימע". קאַפּלינסקי איז גע־ווען דאָס האַרץ פון דער ציַיטונג. ער איז געווען דער זעצער, מאַשיניסט, אַדמיניסטראַטאָר און דער פאַרמיטלער צווישן דער רעדאַקציע און דרוקעריי. דורך קאַפּלינסקין פלעגט דער גאַנצער מאַטעריאַל אַוועקגיין אין דרוקעריי און כאָטש די הויף־שומרים האָבן אים גוט געקענט, נאָר ער האָט זיך זייער גוט געהאַלטן, אַז אַלץ איז דורכגעגאַנגען געלונגען, און דער ערשטער נומער איז אַרויס. קאַפּלינסקי אַליין האָט אויסגע־שניטן אַן אויפשריפט: „אויסגאַבע פון אַ גרופּע אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן".

ווי מען גיט איבער, איז קאַפּלינסקי געווען דער גרינ־דער פון „בונד" און אויך איינער פון די, וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן אַנהויב פון געדאַנק, אויסטיילן די יידי־שע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ באַזונדערע פאַרטיי. די דרו־קעריי פון „בונד" האָט זיך איבערגעטראָגן קיין באָברויסק. אינגיכן איז זי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פּאָליציי. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ סך מיטאַרבעטער און אין זייער צאָל אויך קאַפּלינסקי. די אַרעסטירטע האָט מען אויסגעריכט

אין מאָסקווער תּפיסה. אין מאָסקווע האָט דאָן געהערשט דער באַוואוסטער זובאַטאָוו. זובאַטאָוו אַליין האָט דורכגע־פירט די אויספאָרשונג איבער די אַרעסטירטע און אַלעמען האָט ער כּמעט פאַרגעליינגט אַריבערגיין אין דער אָכראַנקע. שפּעטער האָט ער גענומען אַגיטירן צווישן די אַרעסטירטע וועגן אָרגאַניזירן אַן „אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי", וועלכע איז טאַקע אָרגאַניזירט געוואָרן אין מינסק. קאַפּלינסקי האָט דאָן צוגעזאָגט זובאַטאָוון אַריינטרעטן אַלס אַגענט אין דער געהיים־פּאָליציי. נאָך דער באַפרייאונג האָט קאַפּלינסקי מיט נישט קיין קלענערע איבערגעגעבנקייט געאַרבעט אין דער פּאַרטיי, וועלכע האָט אים פאַרטרויט די געהיימסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן. אַז קאַפּלינסקי איז גע־ווען אַ גוטער קאָנספּיראַטאָר, דאָס האָבן אַלע געוואוסט אין דער פּאַרטיי. ס'איז נישט געווען קיין אייַן אונטערנעמונג אָדער אַרבעט דערהויפּט, וואָס האָט געטראָגן אַ טעכנישן כאַראַקטער, וואו קאַפּלינסקי איז נישט געווען דאָס האַרץ און ער זאָל נישט שטיין אין דער שפּיץ. וועגן אַלץ האָט ער געוואוסט, ווייל ער איז געשטאַנען אין נאָנטסטע באַציאונגען מיטן צ. ק. כאָטש אַ מיטגליד פון צ. ק. איז ער קיינמאָל נישט געווען. אַ מענטש אַ באַהאַלטענער, אַן אויסגערעכנטער און גרויסמוטיקער האָט ער געפירט די אַרבעט רואיק, אַי־בערגעטראַכט און גלייכצייטיק, ווי ס'ווייזט זיך אַרויס, גע־אַרבעט אויך אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. ווען קאַפּ־לינסקי האָט אַרויסגעגעבן האָט מען אין די ברייטע קרייזן נישט געוואוסט, נאָר ווי מ'רעכנט, אַז אַרבעטנדיק אין „בונד" האָט ער אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ קאָנספּיראַ־טיווע אַרבעט פון ר. ס. ד. ר. פּ., וועלכע פלעגט אים לויט דער רעקאָמענדאַציע פון „בונד" איינלאָדן אויף איינשטעלן

די טעכנישע אַרבעט הויפּזעכלעך אין די ענינים פון דרוקע־ריי־אַרבעט. מען איז חושד קאַפּלינסקין אויך אין דעם דורכ־פאַל פון דער רוסישער אומלעגאַלער צייטונג. וועגן זיין טע־טיקייט אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט גייען אַרום פאַרשידענע קלאַנגען. מ׳גיט איבער, צום ביישפּיל, אַז ס׳איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן דער פאַקט, אַז אין 1901 יאָר איז קאַפּ־לינסקי אַרויסגערופן געוואָרן טעלעגראַפיש צו זובאַטאָוון און גלייך נאָך דעם איז דורכגעפאַלן דער „בונד" אין אַ גאַנצע ריי יידישע שטעט און שטעטלעך פון תּחום. ווי מען גיט איבער, איז מען מיט קאַפּלינסקין פון אָנהויב נישט גע־ווען צופרידן, נאָר לסוף איז ער אָנגעקומען אויף אַ שטעלע אין דער ווילנער אָכראַנקע מיט אַ געהאַלט פון 125 רובל אַ חודש. נאָך די אָקטאָבער־טעג האָט זיך קאַפּלינסקי געפונען אין ווילנע. די לעצטע צייט האָט ער זיך געהאַלטן פון דער־ווייטנס פון זיינע חברים, נאָר גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואו ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ספּעציאַליסט. אַריינטרעטנדיק אַלס מיטגליד אין פּאַריין פון לעדער־פאַך, איז ער לסוף געוואָרן ביי זיי דער פאַרזיצנדער. ער איז אויך געווען דער פאַרזיצנדער פון פּראָ־פעסיאָנעלן פאַריין פון די דרוק־אַרבעטער. עס איז נישט דורכ־געגאַנגען קיין איין קאָנפליקט צווישן די אַרבעטער און די אונטערנעמער, וואו קאַפּלינסקי זאָל נישט זיין דער פאַר־מיטלער. אַ קלוגער, אויסגערעכנטער נישט געאיילטער, האָט ער אַלעמען געצוואונגען צוהערן זיך צו זיין מיינונג. אין פּאַרטיי־פראַגן פלעגט ער זיך שטענדיק האַלטן קאָנסערוואַ־טיוו און שטענדיק פאַרטיידיקן די ריינקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרינציפּן.

ווען עס האָט זיך אויפגעהויבן די פראַגע וועגן פּאַריי־

ניקן דעם „בונד" מיט דער ר. ס. ד.ר. פּ., איז ער געשטאַנען פעסט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון „בונד". אין פּרי־וואַטן לעבן האָט קאַפּלינסקי געלעבט אָפּגעזונדערט, נאָר פונדעסטוועגן זענען אַ סך געווען מיט אים אין נאָענטע באַציאונגען, און אַפילו אויך שטענדיקע אַריינגייער צו אים אין הויז.

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז קיינעם איז אויפן זינען נישט אַרויף כאָטש אַ קליינער חשד, אַז דער זעלביקער איי־בערגעגעבענער קאַפּלינסקי זאָל זיין אַ נידעריקער פאַררע־טער. אין ווילנע האָט ער די גאַנצע צייט פאַרנומען אַ שטעלע פון אַ מאַשיניסט ביי קלעצקינען אין דרוקעריי. זיינע באַצי־אונגען צו די חברים זענען געווען נישט גאָר גוטע; מען האָט אים אַפילו אויפגעוואָרפן, אַז ביי אים איז אַ „בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע", נאָר אים האָט מען דאָס נישט אויסגעטייטשט. זייענדיק אין ווילנע די גאַנצע צייט, האָט ער געלעבט געמיין. ווי מען גיט איבער, פלעגט ער זיך שטענדיק קלאָגן אויף זיין מאַטעריעלער לאַגע. די לעצטע צייט האָט ער אָנגעהויבן לעבן אַביסל ברייטער, ביי אים האָבן זיך באַוויזן גוטע מעבל, בע־סערע זאַכן, א. אַז. וו. מען שמועסט אַפילו (דער פאַקט איז נישט פעסטגעשטעלט), אַז ער האָט באַקומען אַ דערלויבע־ניש אויף אַן אייגענער דרוקעריי. וועגן זיין ראָלע זאָגט מען, איז געווען באַוואוסט די, וואָס שטייען נאָנט צום צ. ק. נאָך מיט עטלעכע חדשים פריער אַ דאַנק בורצעווס אויפגעבונג.

דערנאָך איז דער פאַקט פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך אַנדערע קוועלן. עס איז באַוואוסט, אַז די ידיעה, אַז מען איז אים חושד אין פּראָוואָקאַציע, האָט קאַפּלינסקי באַגעגנט מיט אַ היסטערישן געוויין. ער האָט ענערגיש געפאָדערט אַ געריכט; אין דער זעלבער צייט האָט ער ליקווידירט זיינע

עסקים, פאַרקויפט דאָס מעבל און א. וו. נאָר צום געריכט האָט ער זיך נישט געמאָלדן. וואו געפינט ער זיך איצט, איז נישט באַוואוסט".

אין דער זעלבער צייטונג נומ. 220 פון יענעם יאָר אין דעם אַרטיקל א „פּרעמדער" לייענען מיר: „מען זאָגט, אַז ביז 1905 יאָר האָט קאַפּלינסקי קיין וויכטיקע געהיימנישן דער פּאָליציי נישט אַרויסגעגעבן. אויך זאָגט מען, אַז ביי אים אין דירה איז אַמאָל געזעסן אַ באַוואוסטער רעוואָלוציאָנער פון באַלטישן געגנט „מאַקסים". און ער האָט אים נישט אַרויסגעגעבן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מאַקסימען האָט מען געזוכט ווי מיט פייער. לויט בורצעווס מעלדונג האָט קאַפּלינסקי אַרויסגעגעבן נאָך טאַראַסן און קלמענען (אַנגע־זעענסטע אַרבעטער פון „בונד") קלמן איז געווען אַרויסגע־שיקט אין סיביר, וואו ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

קאַפּלינסקי האָט אַוועקגעשטעלט אַז אומלעגאַלע דרו־קעריי אין קישעניעוו און זי אַליין שפּעטער אַרויסגעגעבן. מען זאָגט אויך, אַז אַ סך נומערן פון דעם בונדישן אָרגאַן „די שטימע", וועלכע קאַפּלינסקי האָט אַליין פּאַרפּאַקט און געבראַכט צופירן אויפן אייזנבאַן־סטאַציע זענען אַרעסטירט געוואָרן נאָך איידער מען האָט באַוויזן זיי פּאַנאַנדערצושיקן אין פּראָווינץ". אין אַ צווייטן אָרט פון דעם זעלבן אַרטיקל שרייבט זיך: „ קיינער פון די בונדאָוועצעס, וואָס זענען געזעסן אין אויסלאַנד, האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז קאַפּלינסקי איז אַ פּראָוואָקאַטאָר.

בורצעוו האָט דאָס דערוויזן מיט אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון קאַפּלינסקין מיטן אונטערשריפט פון אַכראַנקע. מען זאָגט, אַז קאַפּלינסקיס פרוי האָט גאָרנישט געוואוסט פון איר מאַנס פּראָוואָקאַטאָרישע אַרבעט".

אין דער זעלבער צייטונג נומ. 230 פון יענעם יאָר איז דעם אַרטיקל אונטערן קעפּל „פון דער פאַרגאַנגענהייט" פון דר. ב. שרייבט זיך: „1903 יאָר. באַזונדערס איז אונזער תּחום פאַרפּלייצט מיט דער אַזוי גערופענער אומלעגאַלער ליטעראַטור. אויסער די אויסלענדישע אויסגאַבן, אויסער די צוויי צייטונגען, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן אין רוסלאַנד, האָט זיך אויפן נאַטירלעכן אופן געשאַפן נאָך אַן אַרט פון אומלעגאַלער ליטעראַטור: — אַרט פון פּראָקלאַ־מאַציע. די צייטונגען זענען געווען איינגאַנצן אין די הענט פון צ. ק. און די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן מער קיין צייטונ־גען נישט אַרויסגעגעבן. זיי פלעגן זיך אָפּרופן ווען נישט איז אויף אַלגעמיינע פּאָליטישע און אַנדערע געשעענישן דורך פלוג־בלעטלעך, פּראָקלאַמאַציעס.

די צייט איז געווען אַ ברויזנדיקע, און פּראָקלאַמאַציעס פלעגן דערשיינען איינע נאָך די אַנדערע. אין די באַריכטן, וואָס דער צ. ק. פון „בונד" פלעגט דרוקן אין דעם צענטראַלן אָרגאַן די „אַרבעטער־שטימע", פלעגט זיך גאַנץ אָפט אָנ־ווייזן אויף דער צאָל אַרויסגעלאָזטע עקזעמפּליאַרן פּראָקלאַ־מאַציעס. און די ציפער זענען געווען גאַנץ באַפרידיקטע — צענדליקער טויזנטער.- איך רעכן, אַז דאָס וועט נישט זיין קיין גוזמה, אויב איך וועל זאָגן, אַז די צאָל עקזעמפּליאַרן, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעלאָזן אין יענער צייט איז געווען אַ סך מער, ווי די צאָל יידן אין דעם זעלבן תּחום. מען האָט דאָך אָבער געדאַרפט האָבן טעכנישע מיטלען פאַר געהיימע דרוקערייען. די איבעריקע פּאַרטייען האָט דאָס גע־פעלט, געהיימע דרוקערייען פלעגן זיך ביי זיי האַלטן עטלע־כע חדשים, אַ האַלב יאָר, אין בעסטן פאַל אַ יאָר. אויסנאַ־מען זענען געווען זייער זעלטן. די דורכשניטלעכע נאָרמע,

וואס פלעגט זיך אפהאלטן א דרוקעריי, איז געווען נישט מער ווי עטלעכע חדשים. אין „בונד" איז די זאך געווען גאר אנ־דערש. זיינע דרוקערייען האבן געשמט, זיי האבן געדרוקט רייך, דייטלעך און פארהעלטנישמעסיק גיך און דערהויפט קאנספיראטיוו, זיי פלעגן נישט דורכפאלן. נאכדעם, ווי אין 1898 יאר איז דורכגעפאלן די ערשטע געהיימע דרוקעריי אין באברויסק, איז זי שוין מער נישט דורכגעפאלן פאר דער גאנצער צייט. מעגלעך, אז ערגעץ וואו פלעגט דורכפאלן א דרוקעריי פון די ארטיקע קאמיטעטן, נאר די דרוקערייען פון צ. ק. האבן זיך געהאלטן און זיי האבן געארבעט פלאנ־מעסיק, רואיק, אלץ איינס, ווי זיי וואלטן עקזיסטירט אפן, געזעצלעך. אין יענער צייט און אויך שפעטער האט דער „בונד" פארמאגט עטלעכע געהיימע דרוקערייען; איינע פון זיי איז געווען אין דווינסק און אויב איך האב נישט קיין טעות, האט זי ספעציעל באדינט די ארטיקע קאמיטעטן פון די ארומיקע שטעט".

דער אייגענער אויטאר שרייבט ווייטער אין דעם זעלבן ארטיקל, רעדנדיק וועגן ארעסט פון שריפט פאר דער „דווינס־קער דרוקעריי" אין וויטעבסק אויפן וואקזאל. די אבראנקע האט געוואוסט וועגן דער דרוקעריי און זי האט געקאנט מאכן אן אנגריף אויף איר, נאר זי האט דאס נישט געטון, נישט צוליב קורצזיכטיקייט, נאר צוליב א פאראָרדענונג פון אויבן, ווייל איך האב אנגעפירט מיט דער דרוקעריי, פון וואס דער דעפארטאמענט האט געוואוסט. מעגלעך, אז שפעטער וועל איך זיך אפשטעלן אויף דעם פאקט, נאר דערווייל וועל איך ברענגען נאך א טעקסט פון דער מעלדונג פון דער צייט־טונג „נייע וועלט" אין דעם נומ. 78 פון אקטאבער 1909 יאר אונטערן קעפל: „די ראל פון קאפלינסקין אין „בונד".

„פון פאריז מעלדעט מען, אז א גרויסע פארוואונדערונג האט ארויסגערופן די אומפארשטענדלעכע ראל פון פראוואָ־קאטאר קאפלינסקי אין „בונד". אז קאפלינסקי איז געווען א פראוואקאטאר, אין דעם צווייפלט שוין קיינער נישט, ווייל בורצעוו האט צוגעשטעלט דער פארטיי א גאנצן פעקל באַ־ריכטן אין בריוו, וואס קאפלינסקי האט צוגעשיקט זו־באטאוון אין פאליציי־דעפארטאמענט.

נישט קלאר איז נאר דאס, וואס קאפלינסקי האט, זייענדיק א שפיאן, פונדעסטוועגן נישט ארויסגעגעבן דער פאַ־ליציי קיין איין אנגעזעענעם מיטגליד, קיין איין געהיימע קאנפערענץ, וויכטיקע סודות, כאטש ער איז געשטאנען אין צענטער פון דער באוועגונג און האט געוואוסט כמעט פון אלץ, וואס ס'האט זיך געטון אין דער פארטיי. פון דער צווייטער זייט איז פעסטגעשטעלט געווארן, אז קאפלינסקי האט געשפילט א גרויסע ראל און ביי א פארלאנג האט ער געקאנט ארויסגעבן דער פאליציי פיל וויכטיקע זאכן. אויסער דעם, וואס ר'האט ארגאניזירט דעם ארגאן „ארבעטער־שטימע", האט ער נאך אלס מעכאניק ־ספעציאליסט אליין געגרינדעט א סך געהיימע דרוקערייען, דערפינדן אזעלכע מאשינען, וואס פארנעמען ווינציק ארט און קלאפן נישט, גענומען אן אנטייל אין פיל געהיימע קאנפערענצן און געווען אפט א פאר־מיטלער צווישן די אונטערנעמער און ארבעטער, וועלכע האבן אים זייער געאכט. ער האט געהאלטן אין זיינע הענט אלע פעדים פון דער פארטיי און פונדעסטוועגן האט ער נישט ארויסגעגעבן דער פאליציי קיין וויכטיקע זאך. אין דעפארטאמענט איז מען אינגאנצן נישט געווען צופרידן מיט זיין ארבעט, נאר מען האט אים געהאלטן און געצאלט פענסיע 125 רובל א חודש, ווייל די פאליציי האט קיין אנ־

דערע אגענטן נישט געהאט, און קאפלינסקי איז געווען דער איינציקער, וואס איז געשטאנען נאנט צום צ. ק. און האט געקאנט איבערגעבן וויכטיקע געהיימנישן. מען האט אים געהאלטן אזוי טייער, אז ווען מען האט אין ווארשע ארעס־טירט א גאנצע פארזאמלונג, אין וועלכער קאפלינסקי האט גענומען אן אנטייל, איז פון פעטערבורג אראפגעפארן א ספעציעלער שליח, וועלכער האט באפרייט קאפלינסקין מיט זיינע חברים מיטן תנאי, אז ער זאל זיך דערווייטערן פון דער פארטיי, כדי ער זאל קענען נאכשפיאנירן נאך איר.

שווער צו באנעמען דעם ווידערשפרוך, וואס קאפלינסקי האט, זייענדיק א געהיים־אגענט, גארנישט ארויסגעגעבן. אויף דעם איז פאראן צוויי דערקלערונגען: אייניקע זאגן, אז פראָ־וואקאטארן גיבן ארויס אזעלכע געהיימנישן, פון וועלכע זיי זענען פונדערווייטן, כדי עס זאל אויף זיי נישט פאלן קיין חשד. אנדערע דערקלערן דאס מיט דעם, וואס קאפלינסקי איז אין הארצן נישט געווען קיין פראוואקאטאר, נאר אריינ־פאלנדיק שוין אין די הענט פון זובאטאוון, האט ער זיך שוין נישט געקענט באפרייען, און ער האט שוין געמוזט, נישט ווילנדיק, פארזעצן די ארבעט, נאר אין דער אמתן איז ער געווען א רעוואלוציאנער".

. דאס און נאך פיל ענלעכעס האט מען אויף פארשי־דענע אופנים געשריבן אין די צייטונגען מיט 8 יאר צוריק. נאך מער האבן געלערנט פשט מיינע חברים, נישט וויסנדיק, צו וועלכער מארקע פראוואקאטארן זאלן זיי מיך צורעכענען. די ווינציק פאנאטישע פון זיי האבן זיך געפרואווט דערקלערן די פראגע אזוי: צי קען מען ארויפלייגן א שטעמפל פון פאר־רעטער אויף א מענטשן, וואס האט געהאט אין זיינע הענט אלע פעדים פון געהיימען פארטייאישן לעבן און קיין וויכ־

טיקעס נישט ארויסגעגעבן, ווייל אַלץ איז אַרויס גאַנץ, ציִ קאָן מען באַשולדיקן אַ מענטשן, קעגן וועלכן עס זאָגן נאָר וועלכע נישט איז פּאַפּירלעך, פּאַבריצירטע, גאַנץ מעגלעך, פון דער אָכראַנקע אַליין? אַ קרבן פון דער אָכראַנקע איז דאָך געפאַלן נישט איין קאַפּלינסקי. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכ־קייט מיט אַכט יאָר צוריק ביי דעם הערשנדן אַלטן רעזשים פּאַרענטפערן זיך, דערקלער איך איצט אָפן יענעם טייל מיינע חברים, וואָס באַציִען זיך ווייניקער לייזנ־נישאַפּטלעך צו דער באַשולדיקונג, און אויך מיינע נאָנטע באַקאַנטע, וועלכע קענען מיך גוט און וועלן נישט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז איך בין שולדיק, און לסוף מיינע קינדער, וואָס ליידן פיזיש און מאָראַליש, און אויך אַלעמען דערקלער איך:

אין 1893 יאָר, ווען איך בין אַלט געוואָרן 20 יאָר, האָב איך אָנגעהויבן אויפנעמען די אידעע פון סאָציאַליזם. מיי־נע ידיעות האָב איך געשעפּט אין די אומלעגאַלע קרייזן, וועלכע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. ווערנדיק אַ סאָציאַליסט, האָב איך צעריסן מיט מיין פּריערדיקן אָרט אין דער געזעלשאַפט — די לאַגע פון „אַ ייד אַ מספּיל" — און איך בין אַוועק אין די אַרבעטער־רייען. איך האָב זיך אָנגע־הויבן לערנען שלאָסער־אַרבעט. ליידנדיק נויט, האָב איך זיך סוף כּל סוף דערשלאָגן צו דעם, אַז איך זאָל עקזיסטירן מאַ־טעריעל, כאָטש אין אַ באַגרענעצטער מאָס.

אין 1895 יאָר, ווען די קרייז־אַרבעט איז זיך פאַנאַנ־דערגעוואַקסן און די אַנפירער האָבן זיך אָפּגעגעבן דעם גע־דאַנק צו שאַפן אַ קאַדר אַגיטאַטאָרן פאַר די ברייטע מאַסן, האָט זיך געשאַפן די אַזוי גערופענע „אָפּאָזיציע", וואָס האָט געהאַלטן דעם איבערגאַנג צו מאַסן־אַרבעט פאַר פּריציייטיק, מאָטיווירנדיק מיט דעם, וואָס די אַגיטאַטאָרן זענען נאָך נישט

גענוג צוגעגרייט אין אַלגעמיין, און, באַזונדערס, טעאָרעטיש.
די וויכּוחים האָבן אויף אַ קליינער צייט פּאַראַליזירט די אָנגעהויבענע אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין 1896 יאָר איז זיך די מאַסן־באַוועגונג פאַנאַנדערגעוואַקסן אַזוי ווי פון זיך אַליין, צוציענדיק צו זיך די מער ערנסטערע און בעסערע עלעמענטן פון די „קרייז־אַרבעטער" און אָפּוואַרפנדיק די נישט געוואונטשענע.

זייענדיק ווייט פון די אויבנדערמאָנטע וויכּוחים, אַלס פּאַסיווער צושויער, פלעג איך שטענדיק ווערן אַקטיוו, וואו איך האָב נאָר געזען, אַז איך קאָן ברענגען נוצן. נישט לויבנדיק זיך אַליין, קאָן איך זאָגן, אַז איך בין קיינמאָל נישט געווען פון די, וואָס פלעגן זוכן שטאַרקע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, כּדי צו באַפרידיקן דעם אייגענעם איך און זיך צו פאַרשאַפן כּבוד. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז די יידישע אַרבעטער (אַ דאַנק באַזונדערע אַזעלכע ספּעציפישע מאָמענטן: נאַציאָנאַלע, פּסיכאָלאָגישע, פּאָליטישע לאַגע און באַזונדערע קלאַסן־פאַרהעלטענישן) נויטיקן זיך אינגאַנצן אין אַ באַזונדערן צוגאַנג. אין 1897 יאָר האָט זיך שוין דייטלעך גענומען פילן די נויטווענדיקייט אין אַ געדרוקטן וואָרט. און אָט דער זאַך האָב איך זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן, וויסנדיק, אַז אַ געדרוקט וואָרט אין אַלגעמיין און נאָך מער פאַר יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן ביים אַלטן רעזשים נישט פאַרמאָגט ביז 1905 יאָר קיין איין צייטונג, פון אַ וועלכער נישט איז ריכטונג, אַ געדרוקט וואָרט איז די נשמה פון גוף און קלאָר, אַז אַ באַוועגונג אָן אַ געדרוקט וואָרט קען נישט לעבן, קען נישט אַנטוויקלען זיך און וואַקסן.

באַזייטיקנדיק אַלע שוועריקייטן און שטערונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסגעבן דעם ערשטן נומער פון דער

„אַרבעטער־שטימע". ווען די אָנפירער פון דער פּאַרטיי האָבן דערזען, אַז דאָס איז אַ זאַך, וואָס קאָן פּאַרווירקלעכט ווערן, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסווייזן צו דעם אַן אינטע־רעס און אונטערגעהאַלטן די אונטערערדישע דרוק־אַרבעט, וועלכע איז פאַרהעלטנישמעסיק איינגעשטעלט געוואָרן, ביז וואַנען זי האָט נישט געקראָגן דעם קלאַפּ פון זובאַטאָוון אין יוני 1898 יאָר.

זייענדיק איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט און פאַר־שפּאַרט אונטערן שלאָס אין משך פון אַ יאָר אַנדערהאַלבן, בין איך געווען פאַרנומען נאָר מיט איין געדאַנק — ווי זיך קעגנשטעלן אַזאַ קלאַפּ. באַקאָנענדיק זיך אויף דער אויספאָר־שונג, מיט דער אַזוי גערופענער סיסטעם פון „אויסערלעכן נאָכשפּירן", אָדער ווי זובאַטאָוו האָט דאָס אָנגערופן „קאָנ־ספּיראַציע קעגן קאָנספּיראַציע", האָב איך זיך איבערצייגט, אַז קאָנטער־קאָנספּיראַציע, איז אַ סך שטאַרקער פון קאָנספּי־ראַציעס; ווי קאָנספּיראַטיוו עס זאָל נישט זיין אָוועקגעשטעלט אַ זאַך, קאָן דאָס נאָר העלפן צו פאַרהיטן זיך פון דער נייגע־ריקייט פון אַ שעדלעכן עלעמענט אין דער אָרגאַניזאַציע. אויף קעגנשטעלן זיך דער „אויסערלעכער אויסשפּירונג" דאַרף מען האָבן גאָר אַנדערע מיטלען.

פדי דעם ציל צו דערגרייכן, האָב איך זיך נישט אָפּגע־שטעלט פאַר קיין שום מיטלען. איך האָב זיך געשטעלט די אויפגאַבע — דערשלאָגן זיך אַ לאַנגדויערנדיקע עקזיסטענץ פון דער אונטערעדדישער דרוקעריי און איך האָב באַשלאָסן געווינען דעם צוטרוי פון דער מאַכט, אונטער וועמענס אָנ־פירונג עס געפינט זיך די „אויסערלעכע אויסשפּירונג", די שרעקלעכע בייטש פון דער אונטערערדישער דרוקעריי־אַר־בעט. אויף אַזאַ אופן האָב איך געוואָלט פאַראויסזען דעם

מאָמענט, ווען די „אויסערלעכע אויסשפּירונג" וועט זיך גריטן מאַכן אַן אָנפאַל אויף די אונטערערדישע אַרבעט און מיט דעם אַליין מאַכן אומשעדלעך יעדן אָנפאַל אָדער קלאַפּ.

ענטפערנדיק אויף דער פראַגע, „צוליב וועלכע צוועקן האָב איך אונטערגעהאַלטן באַציאונגען מיט די אָפּטיילונגען פון דער אָכראַנקע", דערקלער איך: איך האָב אונטערגעהאַלטן די באַציאונגען צוליב דעם, ווייל אַדאַנק דעם צוטרוי פון דער „אויסערלעכער אויסשפּירונג" האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרדעקן פון זייערע אויגן די געהיימע דרוקעריי־אַרבעט און מיט דעם אַליין פאַרזיכערן איר אַ לאַנגדויערנדיקע עקזיסטענץ.

אַריבערגייענדיק צו דער 2־טער פראַגע: פּאַרוואָס כ'האָב געהאַט די באַציאונגען אַן דעם וויסן פון דער פּאַרטיי, געפין איך פאַר איבעריק צו דערמאָנען אַ פאַל פון דער צייטונג „רוסקאָיע סלאָוואָ" נומ. 100 פון 5־טן מאַי 1917 יאָר. אונטערן קעפּל „רעאַביליטאַציע פון אַן דערקלערטן פּראָוואָקאַטאָר" איז דער רעדאַקציע צוגעשטעלט געוואָרן אַ בריוו מיט התימות פון מיטגלידער פון פּאַרטייאישן חברישן ערן־געריכט, אין וועלכן מען בעט אין נאָמען פון גערעכטיקייט אָפּצודרוקן אין דער אויבנדערמאָנטער צייטונג אַ רעאַביליטאַציע פון וו. י. זובצאָוון, וועלכער איז פאַררעכנט געוואָרן אין דער זעלבער צייטונג פון 31 מערץ אַלס פּראָוואָקאַטאָר. די מחברים פון בריוו ווייזן אָן, אַז לויט ווי זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין דעם ענין, איז זיי קלאָר געוואָרן, אַז זובצאָוו האָט ווירקלעך טאָקע געדינט אין סיזראַנער זשאַנדאַרמעריע ־ אָפּטיילונג אַנדערהאַלבן חדשים, נאָר ער איז אַהין אַנגעקומען לויט דער באַפולמעכטיקונג פון סיזראַנער קאָמיטעט פון ר. ס. ד. ר. פּ. מיטן ציל צו פירן

„קאָנטער־ראַזוועדקע". זובצאָוו, זייענדיק באַקאַנט מיטן נאַ־
טשאַלניק פון סיזראַנער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג, האָט
אויסגעצייכנט אויסגעפּילט זיין אויפגאַבע: ר'האָט אַנטדעקט
דעם, וואָס האָט געגעבן דער אָכראַנקע ידיעות וועגן די פּאַר־
טייאישע אַרבעטער פון סיזראַן, דערוואוסט זיך וועגן אַלע
הויפּטפּירער פון אָכראַנקע און דעקאָנספּירירט דעם פּאָלקאָוו־
ניק פון זשאַנדאַרמעריע. וו. י. זובצאָוו נישט נאָר וואָס ער
האָט קיינעם נישט אַרויסגעגעבן דער אָכראַנקע, נאָר ער האָט
נאָך מיטגעהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די פּאַרטיי. אָפּציענדיק די
אויפמערקזאַמקייט פון דער זשאַנדאַרמעריע, האָט ער אָפּגע־
היט פון אַ דורכפאַל די לאַגערן פון אומלעגאַלער ליטעראַטור
און געווער און די ביוראָ פון פּאַספּאָרטן; אויך האָט ער פאַר־
היט די פּאַרטיי פון רעוויזיעס, די איניציאַטיוו־גרופּע פון די
סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

ווען מ'פירט דורך אַן אַנאַלאָגיע צווישן מיר און זובצאָוון,
האָב איך אויך געהאַט באַציאונגען מיט די פאַרפאָלגער פון
רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס נישט כּדי צו שאַדן, נאָר
כּדי נוצן צו ברענגען דער רעוואָלוציע. מיר איז אויסגעקו־
מען אויסצונוצן זובאַטאָווס סימפּאַטיעס בנוגע די רעוואָ־
לוציאָנערן און זיינע דעמאַגאָגישע מאָסמיטלען. זובאַטאָוו,
זייענדיק אַן אויסגעשפּראָכענער קאַריעריסט, וועלנדיק אידעַ־
אַליזירן אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט זיין פּאָסטן אויפן
געביט פון „פּאָליטישן ראַזיסק", וועלכן ער האָט אויסגע־
קליבן אַלס קאַריערע, האָט זיך באַמיט צו ווערבירן פון די
רעוואָלוציאָנערע רייען זיינע מיטאַרבעטער אין קאַמף מיט
דער רעוואָלוציע סיי אין אַ געהיימער פאָרם סיי אין אַ אָפענער
און דאָס אַלץ, כּדי צו געבן זיין טעטיקייט אַ אידעאַלן צוזעק.

און לסוף, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער סיי די סיי יענע פאַרגעשטעלט פאַרן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אַלס גע־היימע מיטאַרבעטער. איך האָב פאַר זובאַטאָוון פּרינציפּיעל באַרעכטיקט זיין אידעע וועגן „אומאָפּהענגיקייט", איך האָב געוואונען זיין צוטרוי צו מיר, און מיר האָט זיך, אַזוי ווי זובּ־צאָוון, איינגעגעבן צו פאַרהיטן אַ סך פּאַרטייאישע פון דער געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט. דער הויפּ־אונטערשיד צווישן מיר און זובצאָוון איז דאָס, וואָס זובצאָוו האָט דאָס געטון לויט דער באַפעלמעכטיקונג און דעם וויסן פון זיינע חברים, און איך האָב דאָס געטון אויף מיין אייגענעם געוויסן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נישט באַראַטנדיק זיך מיט קיינעם פון מיינע חברים, און אַט צוליב וואָס איך האָב דאָס געטון.

אין 1899 יאָר, ווען איך האָב זיך באַפרייט, איז דער צ. ק. פון „בונד" באַשטאַנען פון איין מענטש, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי פון די אַרטיקע אַרבע־טער, און מען קען זאָגן, אַז דער אָנפירנדיקער יידישער צענטר אַלס אַזעלכער האָט דאַן אינגאַנצן געפעלט. האַלטנדיק דעם פאַרשטייער פון צ. ק. פאַר נישט גענוג געשטעלטן און טאַק־טישן מענטשן, האָב איך אים נישט געקענט אַנטרויען אַזאַ געהיימע זאַך.

אין 1900 יאָר, נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיט זו־באַטאָוון, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די „אומ־אָפּהענגיקע" און ווען זובאַטאָוון האָט זיך איינגעגעבן אָפּצו־ווענדן אויף אַ זייט אייניקע מענטשן, וואָס האָבן גענומען ביזן אַרעסט אַן אַנטייל אין דער באַוועגונג, האָט דער צ. ק. אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, לויט וועלכער ער האָט פאַר־באָטן אַריינגיין אין וועלכע נישט איז באַציאונגען מיט זו־באַטאָוון און מיט די זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונגען אַז דעם

וויסן פון דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב דאַן געשטעלט אַ פראַ־
גע: צי קאָן די פּאַרטיי אָנטרויען אירן אַ מיטגליד אַזאַ אַר־
בעט, וועגן זי איז נישט אומשטאַנד אים צו קאָנטראָלירן?
ריכטיקער געזאָגט, אויב די פּאַרטיי באַפולמעכטיקט אירן אַ
מיטגליד אַריינטרעטן אין אַכראַנקע צוליב צוועקן פון קאָנטר־
ראַזוועדקע, נעמט זי דאָך אויף זיך אַלע פאָלגן, וואָס קאָנען
אַרויסקומען פון אַזעלכע פאַרבינדונגען, נישט האָבנדיק די
מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן יעדן טריט, וואָס ווערט אָנ־
גענומען אין דער ריכטונג, קומט אויס, אַז די פּאַרטיי גיט
פולקאָמע פרייהייט דעם, וואָס נעמט אויף זיך די באַפולמעכ־
טיקונג און אַזוי ווי ביי אַזאַ האַרבער אונטערנעמונג קאָנען
פאָרקומען טעותן, באַקומט זיך, אַז די פּאַרטיי דאַרף פאַר־
דעקן די טעותן פון איר מיטגליד, נישט אויסשליסנדיק אפילו
די נישט־ כשרה און נישט־אָרנטלעכע, וועלכע איר מיטגליד
קאָן אָפּטון על־פּי־טעות.

וואָס אַנבאַלאַנגט צו מיר, באַקומט זיך, אַז ווען די פּאַר־
טיי וואָלט מיר טאַקע אויסגעטיילט צו דער אַרבעט און אויב
איך וואָלט טאַקע אָפּגעטון אַזאַ זאַך, וואָס טראָגט אַ כאַראַק־
טער פון פּראָוואָקאַציע, וואָלט שוין אויסגעקומען, אַז דער
דער פּראָוואָקאַטאָר בין נישט איך, נאָר דער „בונד" אַלס
אָרגאַניזאַציע און קלאָר, אַז זי דאַרף טראָגן אויף זיך דעם
שטעמפּל פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. זייענדיק זיכער, אַז דער צ. ק.
וואָלט זיך אַרויסגעזאָגט נעגאַטיוו צו מיין פאָרשלאַג, האָב
איך באַשלאָסן פאַרזעצן מיינע באַציאונגען מיט די אָפּטיי־
לונגען פון דער אַכראַנקע אָן דעם וויסן פון דער פּאַרטיי.

איך גיי איבער צו דער דריטער פראַגע: „פאַרוואָס
האָב איך זיך נישט געמאָלדן צום ערן־געריכט אין 1909
יאָר?" ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, האָב איך נאָך פון

אנהויב 1907 יאר באשלאסן צו ליקווידירן מיינע באציאונ־
גען מיט דער אכראנקע. מיר איז גאר קיינמאל אויפן זין נישט
געקומען, אז מען קען מיך חושד זיין אין פראוואקאציע און
פאררעט, ווייל קענען דעם האט געקענט מיין פארגאנ־
גענהייט פון 1899 יאר. איך בין געווען זיכער, אז עס וועט
זיין גענוג, אויב איך וועל נאר דערקלערן צוליב וועלכע צוועקן
איך האב געהאט די באציאונגען מיט דער אכראנקע, און קיי־
נער וועט שוין נישט קענען פאראורטיילן מיך פאר מיינע
טאטן. איך האב מיר צונויפגעשטעלט פאלגנדן פלאן: דערווייי־
טערן זיך תיכף פון וואסער נישט ארבעט אין דער ארגאני־
זאציע, באזארגן די פאמיליע אין מאטעריעלן זין, כדי איך
זאל קאנען אינגאנצן זיך אפגעבן מיט דער רעאביליטאציע
פון מיין טעטיקייט אין די אויגן פון דער געזעלשאפט און
פארטיי. צו דעם האב איך געשטרעבט און אין דער ריכטונג
האב איך געארבעט, נאר מיין גורל האט אנדערש געוואלט,
און אין 1909 יאר האט מען מיר ערקלערט, אז איך בין אן
אגענט פון אכראנקע.

ווען איך האב גענומען אנווייזן אויף דער ניישט אויסגע־
האלטנקייט פון אזא באשולדיקונג, האט מען מיר געענטפערט:
„מיר האבן אין אנהויב נישט געגלויבט, נאר מען האט אונז
צוגעשטעלט ממשותדיקע באווייזן, וואס באשטעטיקן די גע־
העריקע באשולדיקונג קעגן אייך". מען באשטימט לערך א
דרייטאגיקן טערמין אויף איינארדנען מיין פאמיליע און דער־
נאך זיך מעלדן אין זשענעווע. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז
אלע די, וועלכע האבן א וואסער נישט איז שייכות צו דער
ארגאניזאציע, האבן שוין אויך דערוואוסט, אנדערע גלייכ־
ציטיק מיט מיר, אנדערע פריער. און אזוי ווי דער גאנצער
קרייז פון מיינע באקאנטע איז באשטאנען אויסשליסלעך פון

פּאַרטיי־אַרבעטער, האָט דאָס פּאַקטיש באַדייט פאַר מיר, אַז מען האָט מיך פאַר אַלעמען דערקלערט אַלס פּראָוואָקאַטאָר, כאָטש אין דער פּרעסע איז נאָך וועגן דעם נישט געווען גע־מאָלדן, ווייל איך האָב צוגעזאָגט זיך שטעלן צום ערן־געריכט. איניקע פון מיינע גאָר נאָנטע באַקאַנטע זענען געווען שרעק־לעך אויפגערעגט פון דעם און זיי האָבן מיר ערנסט געראָטן אַוועקפאָרן ווייטער אין טיף רוסלאַנד, ביז וואַנען דער טומל וועט דורכגיין. אין אַ משך פון 3 טעג נאָך דעם, ווי מען האָט מיר שוין געמאָלדן די באַשולדיקונג, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקאָנט אָריענטירן אין דער געשאַפענער לאַגע.

אַלע מיינע באַוועגונגען זענען געווען ריין מעכאַנישע. איך האָב נישט פאַרשטאַנען איינס, אַז דער ערן־געריכט איז דער איינציקער וועג אויף צו באַפרייען זיך פון דער שאַנד. ליקווידירנדיק אויף גיך מיינע עסקים, האָב איך אָפּגעשיקט מיין פאַמיליע קיין מינסק צו די קרובים, וואוהין איך בין גע־קומען מיט דריי טעג שפּעטער.

באַרואיקנדיק זיך אַביסל און אונטערפירנדיק אַ סך־הכּל, האָב איך גענומען באַטראַכטן מיין לאַגע. מאַכנדיק אַן אי־בערבליק איבער מיין פאַרגאַנגענהייט האָט זיך געזען, אַז די בעסטע יאָרן מיינע האָב איך אָפּגעגעבן דער אידעע פון סאָ־ציאַליזם און דעם פאַרשפּרייטן איר צווישן יידישן פּראָלע־טאַריאַט. אָנהויבנדיק פון 1899 יאָר, ווען איך האָב זיך אי־בערצייגט, אַז מען דאַרף אָננעמען עקסטרע אָרדינאַרע מיטלען אויף צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון אַ געדרוקט וואָרט, האָב איך באַשלאָסן אויף מיין אייגענעם געוויסן און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַרבינדן זיך מיט דער אָכראַנקע. נישט קוקנדיק אויף די שרעקלעכע מאָראַלישע ליידן פון דעם באַ־געגענען זיך מיט זיי, האָט זיך מיר איינגעגעבן אויספילן מיין

אויפגאַבע ביזן סוף און אַ דאַנק דעם זענען אַפּגעהיט געוואָרן אַלע געהיימע וויכטיקע ענינים פון דער פּאַרטיי. פאַר־וואָס־זשע האָבן זיך אַלע מיינע חברים אָפּגעקערט פון מיר? פאַרוואָס האָט מען אויף מיר אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל פון אַ פאַררעטער? פאַרוואָס שפּירט מען מיר נאָך אויף יעדן טריט מיינעם און מען איז מיך גרייט צו פאַרניכטן, נאָר מען טוט דאָס נישט, ווייל מען האָפט אויף מיין רעאַביליטאַציע? צי קאָנען מיינע געוועזענע חברים, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן יאָרן לאַנג פאַר דער הייליקער זאַך און וועלכע איך אַכט נאָך עד היום — צי קענען זיי, אַט די זעלביקע, דערקלערן מיך פאַר אַ פאַררעטער נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַט די פאַרבינדונגען מיט דער אַבראַנקע אַז זייער וויסן און דערביי נישט צום שאָדן, נאָר אין די אינ־טערעסן פון אונזער אַלגעמיינער אַרבעט? קלאָר, אַז דאָ איז עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש. איך וויל נאָך דערמאָנען די דראָאונגען פון שעבעקאָז און די ווערטער פון זובאַטאַוון: „אונז איז אויסגעקומען צו גיין מיט הינטער־וועגעלעך".
זייענדיק אין ווילנע, האָט מיינער אַ באַקאַנטער אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג איבער דעם, וואָס מען האָט מיך באַשולדיקט אין דעם דורכפאַל פון קישיניאָווער דרוק, ווען אין דעם איז גאָר שולדיק געווען אַן אַנדערער — איינער אַ צייטלין. די אַלע מאָטיוון האָבן מיר איבערצייגט, אַז מען באַשולדיקט מיך אין פאַרראַט, נאָר וואָס און ווען האָב איך אַרויסגע־געבן זאָגט מען מיר נישט. איך קען זיך דאָס דערוויסן אָדער אויפן ערן־געריכט (צוליב דעם דאַרף איך זיך תיכּף מעלדן צו אים) אָדער אויספאָדערן אַ דערקלערונג פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט און צוליב דעם דאַרף איך וואַרטן אויף אַן עפנטלעכע דערקלערונג אין דער פּרעסע. וואָס טוט מען דאָ?

װעלכן װעג אײנס פֿון די ־בײדע זאָל איך אױסקלײַבן? באַ־
קלערנדיק דעם ערשטן פֿאַל, האָב איך מיר פֿאַרגעשטעלט
פֿאָלגנדיקע פּערספּעקטיװ: איך פֿאַר אױפֿן געריכט און
דערקלער, אַז קײן פּערזענלעכע צװעקן, קײן פּערזענלעכן
נוצן האָבן איך נישט פֿאַרפֿאָלגט, נאָר אױסשליסלעך רײן גע־
זעלשאַפֿטלעכע און אַלגעמײנע ציִלן. צוליב דעם טאַקע איז
מיר אױסגעקומען זיך צו פֿאַרבינדן מיט די, װאָס האָבן אונז
נאָכגעשפּירט און אַ דאַנק זײ האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו
פֿאַרהיטן די אַלגעמײנע זאַך. קלאָר, אַז נאָך אַזאַ דערקלערונג,
װעלכע איך װאָלט מוזן באַשטעטיקן מיט די אױבנדערמאָנ־
טע פֿאַקטן, װאָלט איך שױן אין רוסלאַנד נישט געקאָנט
פֿאַרבלײַבן. די אָכראַנקע װאָלט זיך אױף מיר אָנגעזעצט, און
שטענדיק ביז װאַנען זי װאָלט עקזיסטירט, װאָלט שױן פֿאַר
מיר דער װעג אין רוסלאַנד געװען אָפּגעשניטן. צי װעל איך
קאָנען פֿאַרדינען אױפֿן לעבן אין אױסלאַנד? צי װעל איך
זיך קאָנען אײַנאָרדענען דאָרטן מיט דער פֿאַמיליע? דאָס
איז געװען פֿאַר מיר אַ פֿראַגע. װידער האָב איך געהאַט אַן
עסק מיט פֿאַלשע דאָקומענטן. צי װעל איך זײ קאָנען אָפּלײ־
קענען, דערװײַזן זײער פֿאַלשקײט, נישט האָבנדיק די מעג־
לעכקײט אױפֿן אָרט צו דערװײַזן זײער מחבר? איך האָב
מורא געהאַט, אַז אײניקע חברים װעלן זען אין מײַן טאַט אַ
מוסטער, און זײ װעלן מיר נאָכמאַכן. די מאָראַלישע פֿאַר־
אַנטװאָרטלעכקײט פֿאַר זײער טאַט װעלן זײ װאַרפֿן אױף
מיר. אין רעזולטאַט װעל איך נישט נאָר, װאָס כ'װעל זיך נישט
רעאַביליטירן, נאָר װערן גאָר דער פֿאָטער פֿון אַ נײַעם מין
פּראָװאָקאַציע. אָט די אַלע מאָטיװן האָבן מיר אונטערגע־
זאָגט, אַז יעדער אַנטשלאָסענער טריט אױף דעם געביט קאָן
צו גאָרנישט נישט ברענגען. דעריבער האָב איך באַשלאָסן

אויסטרינקען דעם ביטערן כּוס ביז דעק און איך בין אוועק־
געפאָרן צו מיינע קרובים אין קאַזאַן, וואו איך האָב געוואַרט
ביז וואַנען מען וועט מיך אַנטדעקן.

ענטפערנדיק אויף דער פראַגע „פאַרוואָס האָב איך זיך
נישט געמאָלדן צום ערן־געריכט אין 1909 יאָר?" דערקלער
איך: ערשטנס צוליב דער מורא פאַר דער צוקונפט פון מיין
פאַמיליע און, צווייטנס, צוליב דער מורא, אַז איך וועל די־
נען פאַר אַ מוסטער פאַר נאָכמאַכערס. אָט דאָס אינאיינעם
האָט מיך אָפּגעהאַלטן צו מעלדן זיך צום ערן־געריכט.

איך גיי איבער צו דער 4־טער פראַגע: „ווי האָב איך
באַקומען אַ באַלוינונג פון דער אָכראַנקע אַלס מיטאַרבע־
טער?" די חברים, וואָס האָבן מיך אַנטדעקט, האָבן מיר גע־
מאָלדן, אַז איך האָב באַקומען 125 רובל אַ חודש. איינִיקע
פון מיינע געוועזענע חברים, וואָס פלעגן זיין מיט מיר אינ־
איינעם, האָבן געקענט אַריינטראָגן אַ שטראָם פון ליכט אין
דער פראַגע. די זעלבע מיינע חברים ווייסן, אַז גאַנץ אָפט זע־
נען געווען צייטן, וואָס נישט נאָר איך האָב זיך געגויטיקט,
נאָר עס איז אַפילו אויסגעקומען בוכשטעבלעך צו הונגערן.
זיי ווייסן, אַז שטענדיק בין איך געווען פאַרנומען מיט אַ
וואַסער נישט איז אַרבעט און נאָך דעם אַלעמען פלעג איך
קוים צונויפפירן אַן עק מיט אַן עק. די אייגענע, וואָס האָבן
מיך באַשולדיקט, האָבן מיר דערקלערט, אַז צוקוקנדיק זיך
צו מיין לעבן, קאָנען זיי נישט זאָגן, אַז איך האָב געלעבט
איבער מיינע הכנסות. צום גרויס באַדויערן בין איך איצט
פאַרשפּאַרט, און אַ חוץ דעם געפינען זיך אַ סך פון מיינע
געוועזענע חברים, וועלכע וואָלטן מיר געקענט העלפן אין
דער פראַגע, אַ דאַנק דער מלחמה, אָדער אין די גרענעצן
פון שונא, אָדער זיי זענען גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. איך

קאָן זיך דעריבער נישט באַנוצן מיט זייערע באַווייזן. איך וועל איבערגיין צו דערציילן די געשיכטע פון מיין לעבן.

ווען מען האָט מיך באַפרייט פון תּפיסה אין 1899 יאָר, האָב איך נישט געהאַט קיין געלט אויף אַרויסצופאָרן קיין מאָסקווע. איך האָב געוואוסט, אַז אַ סך, וועלכע האָבן זיך פריער פון מיר באַפרייט, זענען אויך געווען אין דער זעלבער לאַגע און זיי האָט מען אַרויסגעגעבן אויפן וועג. ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט זובאַטאָוו, האָט ער מיר געגעבן 50 רובל. אויף מיין אָנווייזונג, אַז איך דאַרף נישט האָבן אַזויפיל געלט, אַז אויפן וועג איז מיר גענוג 15 רובל, האָט מיך זובאַטאָוו געבעטן, אַז איך זאָל צונעמען די גאַנצע 50 רובל, מאָטיווירנדיק דאָס דערמיט, וואָס עס גייט ווינטער, און איך נויטיק זיך אין אַ מאַנטל. זובאַטאָוו האָט צוגעגעבן, אַז ער איז זיכער, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך אים דאָס געלט אומקערן, און אויב איך וועל זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ קליינער טובה, הייבט ער אָן צווייפלען אינגאַנצן אין דער אויפריכטיקייט פון אונזערע באַציאונגען. איך האָב צו־גענומען דאָס געלט, צוזאָגנדיק אויסצאָלן ביסלעכווייז לויט דער מעגלעכקייט. ביז דער באַגעגעניש מיט נעמעצן האָב איך שוין באַוויזן אויסצאָלן זובאַטאָוון צוויי מאָל צו 10 רובל, און צום חוב איז מיר געבליבן 30 רובל.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט אויבן, האָט מיר נעמעץ ביים באַגעגענען זיך איבערגעגעבן אַ פּאַקעט, האָב איך אים קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז אויב ער וויל, אַז אונזערע באַצי־אונגען זאָלן זיין אויפריכטיקע, טאָ זאָלן צווישן אונז נישט זיין קיין געלט־ענינים, ווייל איך בין אַ מענטש, וואָס לעבט אויסשליסלעך פון דער אייגענער מי און איך קאָן נישט צו־נעמען קיין געלט, וואָס איז מיט מיינע אייגענע הענט נישט

פֿאַרדינט. אויף זובאַטאָווס באַמערקונג, אַז אים איז נישט אנגענעם באַאָמרואיקן אַ מענטשן און אָפּנעמען ביי אים צייט אַן באַלוינונג, און אויב איך זאָג זיך אָפּ פֿון הילף, וועט ביי אים נישט כאַפּן קיין דרייסטקייט זיך צו ווענדן צו מיר, האָב איך אים געענטפֿערט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט הילף, בין איך שטענדיק גרייט, נאָר אנשטאָט געלט־פֿאַרגיטיקונג וואָלט איך בעסער וועלן אַ רעקאָמענדאַציע אויף אַרבעט, פֿאַר וואָס איך וועל אים זיין זייער דאַנקבאַר, אָבער אין קיין פֿאַל נישט געלט־פֿאַרגיטיקונג.

אַ שווייגנדיקער עדות פֿון דעם שמועס צווישן מיר און זובאַטאָוון איז געוועזן זיין געהילף מעדניקאָוו. מעדניקאָוו האָט די גאַנצע צייט געקוקט זובאַטאָוון אין פּנים אַריין. ביי מיינע לעצטע ווערטער האָט ער אַ זאָג געטון: „וואַרט סעריאָ־יאָזשע אַ ווײַלע, כ׳קום גלייך אַריין". אַרויס, און אין אַ ווײַלע אַרום אַריין, האַלטנדיק אין האַנט אַ שלאָס. „אָט אַזעלכע שלע־סער דאַרף איך האָבן", ווענדט ער זיך צו מיר: „נאָר דער שלאָס איז זייער אַ שוואַכער: איך דאַרף האָבן שטאַרקערע שלעסער און שענערע. איך האָב אומעטום געזוכט און קיין פּאַסנדיקע נישט געפֿונען. צי וועט איר נישט קאָנען באַ־פֿרידיקן מיך". איך האָב געהאַט אין יענער מינוט ביי זיך אַ שלאָס, וועלכן איך האָב געוואָלט ווייזן די מאָסקווער קרע־מער און באַקומען אַ באַשטעלונג. מעדניקאָוון איז דער שלאָס געפֿעלן געוואָרן. ער האָט מיך געבעטן מאַכן זיי נאָך גרעבערע, און וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פּרייז, פֿאַרלאָזט ער זיך אינגאַנצן אויף מיר, אויף מיין געוויסן, קיין מאַרק־פּרייז האָב איך נישט געקענט באַשטימען. איך האָב אים געזאָגט, אַז אַ שלאָס קאָן אָנטרעפֿן אַ רובל 5. איך האָב ביי אים גע־נומען אַ באַשטעלונג אויף 150 שלעסער און ער האָט מיר

צוגעזאָגט, אַז נאָכדעם, ווי איך וועל אויסשפּילן די באַשטע־לונג, וועט ער מיר רעקאָמענדירן נאָך באַשטעלונגען. אַלס אוואַנס אויף איינקויפן מאַטעריאַלן האָב איך ביי אים גענו־מען 125 רובל. ווען איך האָב אים צוגעשטעלט די ערשטע פּאַרטיע שלעסער, 45 שטיק, האָב איך באַקומען דאָס איבע־ריקע געלט און הונדערט רובל אַן אוואַנס אויף איינקויפן אַ פּרעם אויף שטאַמפּעווען איניקע טיילן פון די שלעסער. דער פּרייז פון די שלעסער איז געווען אויסגערעכנט אַזוי, אַז פאַר דער אַרבעט זאָל מיר בלייבן אַ טאָג 2 רובל 50 קאָפּ. ריינע פּרנסה. מיין פאַרדינסט איז געווען אַ גאַנץ באַפרידיק־טער, דאָס הייסט, אַז איך האָב זיך נישט געדאַרפט נויטיקן. נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס איך פלעג נישט באַקומען קיין גע־האַלט ביז וואַנען איך פלעג נישט ענדיקן די גאַנצע פּאַרטיע, און צווייטנס, וואָס אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַרשידענע פּראָ־צעסן פלעגן ביי מיר שטענדיק פאַרבערענגען אַ צוויי, דריי חברים — דאָס אַלץ אינאיינעם האָט זיך אָפּגערופן אויף מיין בודזשעט, און מיר איז אויסגעקומען צייטנווייז זיך צו נויטיקן און אויך צו קריכן אין חובות, פון דאַן אַן, זייט איך האָב באַשלאָסן קיינעם נישט מעלדן וועגן מיינע באַצי־אונגען מיט דער אָבראַנקע, האָב איך אָנגעהויבן צו שפּאָרן געלט, כּדי די פאַמיליע זאָל נישט בלייבן אָן געלט נאָך דער ליקווידאַציע פון די באַציאונגען.

צו דעם צוועק האָב איך באַשלאָסן פון די באַשטעלונגען, וועלכע איך האָב געמאַכט לויט דער רעקאָמענדאַציע פון צ. ק. „בונד" פאַר דער אָרגאַניזאַציע ר. ס. ד. ר. פּ. אָפּצו־לייגן געוויסע סומען געלט פאַר אַן אומרירבאַרן פאָנד, אַזוי, אַז צום 1905־טן יאָר, האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן אַ סומע פון אַ רובל 300, אין 1906־טן יאָר, בעת איך בין אָנגעקו־

מען אלס מאַשיניסט אויף דער ראָטאַציאָן־מאַשין ביי דער דרוקעריי פון „בונד״, האָב איך ליקווידירט מיין ווערק־שטאַט, און פון דעם, וואָס איך האָב פאַרקויפט דעם פּרעס און דעם שטאַמפּ פון די שלעסער, האָב איך באַקומען עפּעס מער פון 200 רובל. אַזוי אַרום האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן אַ סומע פון אַ רובל 500, וועלכע זענען ביי מיר געבליבן ביז 1909־טן יאָר.

פאַרנדיק קיין קאַזאַן, האָב איך באַשלאָסן קודם־כּל, פאַרנעמען זיך מיט מיינע דאָקומענטן אויף וואווינרעכט אין פאַל, ווען מיר וועט אויסקומען זיך דאָרט איינצואָרדענען. לויטן געזעץ האָב איך געדאַרפט האָבן אַן אַטעסטאַט פון „רעמעסלענער אופּראַווע״, וואָס זאָל באַשטעטיקן, אַז איך בין אַ „מייסטער רעמעסלעניק״. אין תּחום המושב זענען אָבער אַזעלכע אַנשטאַלטן נישט געווען. מיר איז אויסגעקומען זיך צו ווענדן נאָך הילף צו מיינעם אַ באַקאַנטן שלאָסער, וועלכער האָט מיך געקאָנט פאַר אַ מענטש, וואָס איז ווערט דעם נאָמען „מייסטער״ און ער האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ נאָטאַריאַל־באַשטעטיקטע צייגניש, אַז איך בין ווערט צו טראָגן דעם נאָמען „מייסטער״ אויפן געביט פון שלאָסעריי־אַרבעט.

אינגיכן נאָך מיין קומען קיין קאַזאַן האָב איך אָנגעהויבן באַקומען צייטונגען, אין וועלכע מען האָט וועגן מיר געשריבן. די אַלע אַרטיקלען און נאָטיצן האָבן געטראָגן גיכער אַ כאַראַקטער פון אַ סך־הכּל פון מיין טעטיקייט אין „בונד״, איידער אַ באַשולדיקונג אין פאַרראַט. פאַר די אָכ־ראַניקעס איז דאָס גיכער פאַר אַלץ געווען אַ מסירה, וואָס האָט באַשטעטיקט מיין אומגעזעצלעכע מלוכהשע טעטיקייט אין משך פון 8 יאָר, אָנהויבנדיק פון 1899. אַלע אַרטיק־

לען און נאָטיצן, האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז איך בין געווען אַן אַנגעזעענער אַרבעטער אין „בונד", און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין געשטאַנען נאָנט צום צענטער פון דער אָרגאַניזאַציע, האָב איך כמעט דער אַכראַנקע גאָר נישט אַרויסגעגעבן.

איך האָב דערוואַרט, אַז נאָכדעם, ווי איך האָב אויסגעטרונקען דעם ביטערן כוס ביזן דעק, וועל איך פונדעסטוועגן דערוויסן זיך עפּעס וועגן מיין באַשולדיקונג, איך וועל זיך דערוויסן פאַר וועלכע זאַכן באַשולדיקט מען מיך אין פאַרראַט. איך האָב זיך אָבער גאָרנישט דערוואוסט. איינס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס, וואָס כ'האָב זיך נישט געמאָלדן צום ערן־געריכט, איז אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ מין באַשטעטיקונג פון מיין שולד, און מעגלעך, אַז נאָר דאָס האָט געגעבן אַ שטויס אַ סך חברים צו גלויבן אין דעם ווענ, וואָס זיי האָבן פריער נישט געוואָלט אַפילו טראַכטן.

אַפּזיצנדיק אַ גאַנצן חודש אין קאַזאַן, בין איך אוועקגעפאָרן אין סאַראַטאָוו, יואו מ'האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ס'וועט זיין גרינגער זיך איינצואָרדענען אין זין פון וואוינרעכט. אין סאַראַטאָוו האָב איך צוגעשטעלט מיינע דאָקומענטן און געבעטן די „רעמעסלענע אופראַווע" אויסטיילן אַן עקספּערט־קאָמיסיע, וואָס זאָל מיך עקזאַמינירן און אַרויסגעבן אַן אַטעסטאַט פון אַ מייסטער. מען האָט מיר געענטפערט, אַז אַלס ייד דאַרף איך פריער קריגן פּאַפּירן אויף „וואוינרעכט" אין סאַראַטאָוו, און ערשט דאַן וועלן זיי קענען באַפרידיקן מיין ביטע. די געפאָדערטע פּאַפּירן האָט געקאָנט אַרויסגעבן נאָר די פּאָליציי־פאַרוואַלטונג. אין דער פּאָליציי האָט מען מיר ווידער געענטפערט, אַז פּאַפּירן אויף

וואוינרעכט קאָן איך נאָר באַקומען אויפן סמך פון געהע־
ריקע פּאַפּירן; און דאָס באַשטעטיקטע פּאַפּירל פון מינס־
קער מייסטער האָט נישט קיין באַדייטונג.

עס האָט זיך באַקומען אַ מין פאַרפּישופּטער קרייז,
פון וועלכן איך האָב נישט געקענט אַרויס.

דערוויסנדיק זיך, אַז דעגטעריעוו, וואָס האָט געדינט
ביי דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג אַלס באַאַמטער
פון „באַזונדערע פּולמאַכטן", האָט זיך איבערגעפירט אין
סאַראַטאָוו, האָב איך זיך געווענדעט צו אים, ווי צו אַ פּריי־
וואַטן מענטש, אַז ער זאָל מיר העלפן אַרויסקריגן פון דער
פּאָליציי וואוינרעכט, כאָטש אויף עטלעכע טעג, ביז וויאַ־
נען איך וועל אויסהאַלטן דעם עקזאַמען אין „רעמאַסלענע
אופּראַווע".

דעגטעריעוו האָט מיר געענטפערט, אַז אַזאַ ביטע האָט
ער נישט די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן, נאָר די איינציקע
זאַך, וואָס ער קען טון, איז מודיע זיין אָפיציעל אין זשאַנ־
דאַרמעריע־אָפּטיילונג, אַז איך געפין זיך אין סאַראַטאָוו, און
דער נאַטשאַלניק פון דער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג וועט
שוין די זאַך פאַרגיכערן. נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויס־
וועג, בין איך אויף דעם איינגעגאַנגען. נאָר עס האָט זיך
אָבער אַרויסגעוויזן, אַז סעמיגאַנאָווסקי, דער נאַטשאַלניק
פון זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג האָט נישט איינגעפונען פאַר
מעגלעך אויסצופילן מיין ביטע, ווייל דער פּאָליצמייסטער
וואָלט נישט איינגעגאַנגען אויף אַזאַ אומגעזעצלעכן טאַט.
די איינציקע זאַך, וואָס ער קאָן פאַר מיר טון — האָט מיר
אַ זאָג געטון דעגטעריעוו — איז אַרויסגעבן מיר אַ פּאַס־
פּאָרט אויפן נאָמען פון אַ לוטעראַנער, און דאַן פאַלט אָפּ
אינגאַנצן די פראַגע וועגן „וואוינרעכט".

נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, בין איך אויף דעם איינגעגאַנגען. פון דעגטעריעוון און אויך פון אַ ייִדי־שער אַמעריקאַנער צייטונג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איינער אַן אַנגעזעענער טשינאָווניק פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַ־מענט, לעאָניד פּיאָדראָוויץ מענשציקאָוו האָט פאַרכאַפּט אַ פּעקל פּאַפּירן, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן בורצעוון און אַליין אַפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד. צווישן די דאָקומענטן האָבן זיך אויך געפונען דאָקומענטן, אין וועלכע מען באַשולדיקט מיך אין פאַרראַט. פאַרגלייכנדיק די ידיעות, וועלכע איך האָב באַקומען, מיט די ידיעות וועגן מיין באַשולדיקונג פון די צייטונגען, בין איך געקומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: אַז קיין שום ספק, אַז אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט בין איך גע־ווען פאַררעכנט אַלס געהיימער מיטאַרבעטער פון אַכראַנקע און אויך פאַר אַ וויכטיקן אַרבעטער אין „בונד“.

שטיצנדיק זיך אויף דעם, וואָס איך האָב געהאַט פאַר־בינדונגען מיט דער אַכראַנקע, האָט מען מיר צוגעשריבן אַ גאַנץ שיינעם געהאַלט פון 125 רובל אַ חודש. אויף צו באַ־רעכטיקן פאַרן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אַזאַ גרויסע סומע האָט מען אַלע ידיעות, וואָס געפינען זיך אין דער אַכראַנקע צו־געשריבן מיר.

נעמענדיק אין אַכט, וואָס דער באַקומענער מאַטעריאַל איז געווען זייער אָרעם, ווייל פאַר דער גאַנצער צייט פון 1899 ביז 1905 זענען אין „בונד“ קיין ערנסטע דורכפאַלן נישט פאָרגעקומען, האָבן זיי מיר צוגעשריבן דעם דורכפאַל פון קישיניעווער דרוקעריי, וועגן וועלכער איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט.

עס איז אויך באַוואוסט, אַז אַפילו דער קינסטלעכער מאַטעריאַל האָט נישט באַפרידיקט די פאָדערונגען פון דע־

פּאַרטאַמענט צו אַז אמתן „געהיים־אַגענט" און דאָ איז אויס־
געקומען זיך צו פּאַרענטפערן מיט דעם, אַז אין דעם מאָ־
מענט ווען עס איז נישטאָ קיין אַנדערער, מוז מען זיך באַגנו־
גענען כאָטש מיט אַזאַ, ווי איך. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז
זובאַטאָוו, וועלכער האָט אויף מיר געלייגט גרויסע האָפענונ־
גען, ווי אויף אַ נוצלעכן איסגעהאַלטענעם „אומאָפּהענגיקן",
האָט זיך באַמיט צו פאַרהיטן מיך פון פאַרשיקט צו ווערן
אין 1900 יאָר. צוליב דעם צוועק האָט ער מיר פאַרשריבן
אַלס וויכטיקן געהיימען מיטאַרבעטער, פאַר וועלכן מען דאַרף
אַזאַ גרויס געהאַלט. כדי דאָס אַלץ צו באַרעכטיקן, איז אים
אויסגעקומען צו גיין מיט „הינטער־וועגעלעך", דאָס הייסט,
אַז אַלע באַקומענע ידיעות וועגן „בונד" האָט מען צוגע־
שריבן אויף מיין נאָמען.

דער ווילנער אָכראַנקע איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן אַז
אינסטרוקציע מיטן זעלבן אינהאַלט, און מיט דעם דער־
קלערן זיך די דראָאונגען פון שעבעקאַ, „אַז ווען מיר איז
פאַראַן גענוג ידיעות אויף צו דערקלערן מיך אַלס פּראָוואָ־
קאַטאָר", נאָר אויב שעבעקאַ האָט מורא געהאַט פאַרן דע־
פּאַרטאַמענט, האָט שוין ל. פּ. מענשציקאָוו צעריסן מיט זיי
אַלע פאַרבינדונגען און איבערגעגעבן אַלע דאָקומענטן, אויך
די, וועלכע זאָגן וועגן מיינע פאַרבינדונגען מיט דער אָכראַנ־
קע, בורצעוון.

פון דעם אַלץ איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער סוואַל
פון מיין אומגליק איז — דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. אין
אַ משך פון עטלעכע יאָר האָט ער, כלומרשט פאַר אַן אָכראַנע
מיטאַרבעטער, וואָס באַקומט 125 רובל אַ חודש, פאַבריי־
צירט דעם אַזוי גערופענעם „דינסט־פאָרמוליאַר" און קלאָר,
אַז מיין רעטונג באַשטייט אין אָפּלייקענען דעם גאַנצן פאַר־

מוליאר און ערשט דאַן, ווען עס וועט זיך אַרויסווייזן די פאַלשקייט פון פּאַרמוליאַר, וועט מען קענען אָנהויבן טראַכטן וועגן רעאַביליטאַציע. ווער זאָל דאָס טון? אַלע געוועזענע חברים, וועמען מען האָט צוגעשטעלט דעם פּאַרמוליאַר, וועלכע האָבן געוואוסט יעדעס ברעקעלע פון מיין לעבן, האָבן געזען ווי איך האָב געמיין געלעבט, נישט העכער פון מיינע פאַרדינסטן און וועלכע האָבן געקענט אַפילו אין לעצטן מאָמענט פאַר מיין באַשולדיקונג איבערצייגן זיך אין דער נישטיקייט פון מיין קאַפּיטאַל פאַר די גאַנצע צען יאָר (ביי אַ געהאַלט פון 125 רובל אַ חודש), דערצו נאָך אויך דיזעלבע, וועלכע האָבן געזען מיין פולקאָמע איבערגעגעבנקייט דער אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. די אַלע חברים מיינע, נישט גענוג נאָך, וואָס זיי האָבן זיך נישט באַמיט אָפּצוּלייקענען די באַשולדיקונג, נאָר זיי האָבן זי נאָך מער פאַרטיפט. אין יעדן ריין שטיקל פּאַפּיר, וואָס זיי האָבן געפונען ביי מיר, זענען זיי גרייט געווען צו זען אַ וואָסער נישט איז חשד קעגן מיר. אַפילו אין די 500 רובל, וואָס זענען ביי מיר געבליבן נאָך דער ליקווידאַציע פון מיין ווערקשטאַט אין 1906 יאָר, האָבן זיי אויך געפונען אַ חשד נישט נאָר אין כמות, נאָר אויך אין איכות, ווייל זיי זענען באַשטאַנען פון הונדערט־רובלדיקע קרעדיטקעס, און אַלע זענען זיי געווען פון איין יאָר. זיי האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין פּריי־בענק ליגט ביי מיר געלט, ווען אין דער אמתן האָב איך מיט בענק קיינמאָל קיין עסקים נישט געהאַט, חוץ איין פאַל, אין 1906 יאָר, האָב איך צוליב באַקוועמלעכקייט, אין מלוכהשן באַנק אויסגעביטן די קליינע פּאַפּירלעך אויף גרעסערע.

ביי אַזאַ באַציאונג איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיינע חברים וועלן מיר נישט קענען געבן קיין הילף ביים

אַפּלייקענען די דאָקומענטן פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

אין יענער צייט איז פאַרוואַלטער איבער דער אָפּטיי־לונג פון „באַזונדערע פולמאַכטן" ביים פּאָליציי־דעפּאַרטאַ־מענט געווען יעווגעני קאָנסטאַנטינאָוויטש קלימאָוויטש. קלי־מאָוויטש איז לויט דער מיינונג פון דעגטעריעוון געווען זייער אַ מיטפילנדיקער מענטש. האָט מיר דעגטעריעוו געגעבן אַן עצה פאָרן קיין פּעטערבורג.

„אויב קלימאָוויטש ווייסט נאָר פון אייך, וועט ער אייך שוין געוויס העלפן אַרויסצוגיין פון דער שווערער לאַגע". כאָטש איך האָב דער עצה נישט צוגעגעבן קיין באַדייטונג, ווייל איך האָב נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין רעאַבּיליטאַציע פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט (עס וואָלט געווען גאָר לעבער־לעך צו טראַכטן, אַז דער דעפּאַרטאַמענט וועט זיך נעמען אויסצופאָרשן מיין ענין און עפנטלעך דערקלערן, אַז דער „דינסט־פאָרמוליאַר", אויפן סמך פון וועלכן מען באַשול־דיקט מיך, איז אַ פאַלשער); נאָר פונדעסטוועגן בין איך געפאָרן: טיילווייז, כדי קלאָר צו מאַכן די באַציאונג פון דע־פּאַרטאַמענט צו מיר, און טיילווייז, כדי פעסטצושטעלן וואָס פאַר אַ פּאָזיציע איך זאָל אָננעמען אויף ווייטער.

פון מיין שמועס מיט קלימאָוויטשן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער דעפּאַרטאַמענט איז צו מיר פיינטלעך געשטימט, און ער איז אפילו גענייגט צוציען מיך צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. קלימאָוויטש קען אָבער מיך פאַר אַ לאָיאַלן מענטש, גלויבט ער, אַז דאָ איז אַ מיספאַרשטענדעניש. „ אַלנפאַלס", זאָגט ווייטער קלימאָוויטש: „אויב עס האָט אייך געטראָפן אַן אומגליק צוליב דער שולד פון דעפּאַרטאַמענט, אויב אַפילו די דאָקומענטן, וואָס מענשיקאָוו האָט איבערגעגעבן בורצעוון זענען נישט קיין ריכטיקע (איך דערלאָז אַזאַ געדאַנק),

פונדעסטוועגן האָט נישט קיין זין פּאַר אייך אַרומשלעפּן זיך מיטן דעפּאַרטאַמענט. איך וואָלט אַפילו זאָגן, אַז עס איז אומנוציק, אויסער שאַדן וועט דאָס אייך גאָרנישט ברענגען. מיין עצה איז אַזאַ: דערווייל, ביז וואַנען וואָס וועט, לאָזט אָפּ דעם געדאַנק וועגן רעאַבּיליטאַציע, וואַרט בעסער אָפּ אויף אַ מער געלונגענעם מאָמענט; ביי היינטיקן טאָג טראַכט בעסער ווי זיך איינצואָרדענען, אַז אייער פאַמיליע זאָל נישט אויסקומען צו הונגערן. אין דער ריכטונג בין איך אייך גרייט צו העלפן. איר מוזט אַלזאָ אָנשרייבן אויפן נאָמען פון מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים אַ ביטע, וואו איר וועט אָנווייזן אויף אייער נעגאַטיווע באַציאונג צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אויף אייער שווערער מאַטעריעלער לאַגע און בעטן אַ סובּסידיע".

איך האָב געענטפערט, אַז אַזאַ ביטע קאָן איך דאָ אויפן אויפן אָרט נישט אָנשרייבן, און צוגעזאָגט קלימאָוויטשן אַריינקומען צו אים אין אַ פּאָר טעג אַרום.

עס האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז איך בין אַריינגעפאַלן צווישן צוויי פייערן: פון איין זייט האָט די פּאַרטיי אויפן גרונט פונעם אויף געוויס פאַלשן „דינסט־פאָרמוליאַר" געפאָדערט פון מיר, אין פאַרלויף פון אַ קורצן טערמין, אַפּלייקענען אים און אויפדעקן די באַשולדיקונג אין תוך; און פון דער אַנדערער זייט, דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, וועלכער דערוויסט זיך וועגן מיין טעטיקייט אין דער פּאַרטיי, אַ דאַנק דעם „דינסט־פאָרמוליאַר". דער דעפּאַרטאַמענט אין דער פּערזאָן פון קלימאָוויטשן דערקלערט, אַז ער איז גרייט אַלץ צו פאַרגעסן, אויב איך וועל נאָר צושטעלן אַ מעלדונג און פאַרמעל זיך אַרויסזאָגן נעגאַטיוו צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס טוט מען דאָ?

ווי זאָל איך זיך אַרויסדרייען פון דער שרעקלעכער צווייקייט?

זייענדיק אָפּגעגעבן זיך אַליין, און נישט האָבנדיק קיין איין לעבעדיקן נפש מיט וועמען זיך צו טיילן אין מיין שווע־רער לאַגע, אַרומדרייענדיק זיך אין משך פון 2 חדשים פון איין אָרט אויפן אַנדערן, זענען מיינע נערוון פאַרשטומפּט געוואָרן, און איך האָב דערזען בולט און קלאָר מיין לאַגע. איך האָב באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, זיך דערקלויבן צו אַ וואָסער נישט איז ברעג און אָננעמען אַ וועלכע נישט איז שטעלונג. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך בין נישט אימשטאַנד, ביי די עקזיסטירנדיקע פאַרהעלטענישן. צו דער־פירן די זאַך ביזן סוף. דאָס וועט זיין מעגלעך נאָר דאַן, ווען די גאַנצע אָכראַנקע מיט אירע אמתן און ליגנס, מיט איר גאַנצן רעזשים וועט אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט; נאָר דאַן וועט זיך די געזעלשאַפט באַפרייען פון קאַשמאַר און זי וועט רואיק קענען אָפּשאַצן די טעטיקייט פון דער „אָכ־ראַנקע" — נאָר דאַן וועט די געזעלשאַפט פאַרשטיין די קרבנות פון דער אָכראַנקע און זי וועט זיך קענען פאַנאַנדער־קלויבן אין דער שולד פון יעדן פון זיי. אָבער אין דער צייט נאָך, ווען די אָכראַנקע מיט איר אויסטערלישער ווילדער מאַכט פאַרטויבט יעדעס וואָרט, וואָס איז געווענדעט צו דער געזעלשאַפט, ווען דער אמת איז פאַרבאַהאַלטן אין די טיפענישן פון דער אָכראַנקע, ווען דער פּראָצעס פון רעאַ־ביליטאַציע קאָן נאָר פאָרקומען וואו נישט איז אין אַ גע־היימען אָרט, אָדער אין אויסלאַנד אין דער וויטן פון די אמתן — אין אַזאַ צייט איז מיין רעאַביליטאַציע נישט מעג־לעך, און יעדן געדאַנק וועגן דעם מוז איך אָפּלייגן ביז אַ מער פּאַסנדן מאָמענט, אויב איך אַליין וועל צו דעם נישט דער־

לעבן, איז לכל הפחות, זאָלן מיינע קינדער, זיך באַקענענדיק מיט דער געשיכטע פון זייער פאָטער, אָראָפּנעמען פון אים די שאַנד און פאַרטיידיקן זיין כבוד. ביז אַ באַשטימטער צייט קומט מיר אַלזאָ אויס שלום צו מאַכן מיט דער געשעפענער לאַגע, מיט דער לאַגע פון אַ מענטש, וואָס איז צוגעבונדן צום „שאַנדסלופּ".

דערווייל אָבער מוז איך אַ טראַכט טון ווי זאָל איך האַנדלען אויף ווייטער, ווי זאָל איך זיך איינאָרדענען, אַז איך זאָל קאָנען אויפהאַלטן מיינע קליינע קינדער און דערציען זיי אַזוי, אַז אַריינטרעטנדיק אין לעבן, זאָלן זיי זיין אנשטענדיקע בירגער און קענען אויף אַ געהעריקן אופן אָפּשאַצן די האַנדלונג פון זייער פאָטער... ווי זאָל איך זיך איינאָרדענען, אַז די זעלבע זשאַנדאַרמען, מיט וועלכע איך האָב זיך צונויפגעבונדן, אַ דאַנק דעם פאַרפלוכטן געזעץ פון „תחום המושב", זאָלן נישט קאָנען האָבן פון מיר קיין נוצן? טרעט איך נאָר אַריין אויף אַ וואָסער נישט איז זאַוואָד אַלס אַרבעטער, וועט שוין די אָכראַנקע געוויס באַשטימען מיך פאַר אירן אַ מיטאַרבעטער, און ווידער פאָדערונגען אויפן שטייגער פון שעבעקאָן, און ווידער אַ קאַמף און אַ סוף. קלאָר, אַז איך דאַרף זיך איינאָרדענען אַזוי, אַז איך זאָל זיין איזאָלירט פון וועלכער נישט איז געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אַז די זשאַנדאַרמען זאָלן נישט האָבן קיין גרונט צו שטעלן מיר זייערע פאָדערונגען. נאָר ווי טוט מען דאָס? אויף דעם דאַרף מען האָבן אַ סך געלט, אויף דעם דאַרף איך ווערן זעלבסטשטענדיק און די מאַטעריעלע מיטלען מיינע זענען קליינע. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב אויסגעפונען קלימאָוויטשעס פאַרשלאָג פאַר גאָרנישט פּאַסיק, אויך נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיט דער סובסידיע פון דער-

פּאַרטאַמענט באַרעכטיק איך אַליין דעם פּאַטש, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פאַר דער סובסידיע דאַרף איך שרייבן אַזאַ מין ביטע, וואָס איך דאַרף זיך אָפּזאָגן פון אַלץ, וואָס מיר איז הייליק—נישט קוקנ־דיק אויף דעם אַלעם האָב איך באַשלאָסן פון צוויי שלעכטס אויסקלויבן די קלענסטע. איך האָב באַשלאָסן פאָרמעל גיין אויף אַ קאָמפּראָמיס מיט מיין געוויסן, אַבי עס זאָל נאָר פּאַקטיש בלייבן ריין און רואיק.

איך האָב געבראַכט קלימאָוויטשן אָן אַנגעשריבענע ביטע און אויף זיין פּראַגע, וויפל געלט איך דאַרף האָבן אויף איינאָרדענען אַ וואָסער נישט איז געשעפט, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וויים נאָך נישט מיט וואָס איך וועל זיך פאַרנעמען און וויפל געלט איך דאַרף. קלימאָוויטש האָט אַ טראַכט געטון און געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג וועל איך פאַר אַ סומע פון 2000 רובל קאָנען אַ וואָסער נישט איז גע־שעפט אָוועקשטעלן אַלס הוספה אויסער דער סומע וועט ער מיר נאָך אַרויסגעבן 200 רובל אויף איבערפירן די פאַמיליע און באַזעצן זיך. „דערוויייל” זאָגט קלימאָוויטש: „קאָנט איר פאָרן אַהיים, און אינגיכן וועט איר באַקומען דאָס געלט דורכן נאַטשאַלניק פון סאַראַטאָווער זשאַנדאַר־מעריע־אָפּטיילונג, אויב די סומע וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ווינציק, וועט איר זיך ווענדן צו מיר אָדער צום וויצע־די־רעקטאָר וויסאַריאָנאָוו”. אין דעם מאָמענט איז וויסאַריאָנאָוו טאַקע אַריין אין קאַבינעט. קלימאָוויטש האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט „אַלס אָרנטלעכן און לאָיאַלן מענטשן”. איך האָב געזאָגט קלימאָוויטשן, אַז איך קאָן נישט באַשטימען אין דעם מאָמענט, צי וועט די סומע זיין גענוג פאַר מיר. מעגלעך, אַז מיר וועט נאָך אויסקומען צו בעטן נאָך געלט.

נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, האַלט איך דאָס געלט פאַר אַ חוב, וועלכן איך וועל זיך סטאַרען אויסצאָלן ביסלעכווייז, אויב נישט מיט אַ מאָל. איך בין אוועקגעפאָרן קיין סאַראַטאָוו און מיט קלימאָוויטשן האָב איך זיך שוין מער נישט באַגעגנט. מיינע ערשטע טריט האָב איך אַנגעווענדעט אין געביט פון האַנדל. דער האַנדל מיינער, (ווייל איך בין געווען אַ שלעכ־טער קאָמערסאַנט אָדער צוליב אַנדערע סיבות) איז אַוועקגע־גאַנגען נישט גוט. נאָכדעם, ווי איך האָב אָפּגעהאַנדלט אַ פּאָר חדשים, האָב איך פאַלווירן עטלעכע הונדערט רובל און איך בין געווען געצוואונגען מיין האַנדל צו פאַרקירצן. אַ צו־פאַל האָט מיך אַנגעשטויסן אויף אַ ווערקשטאַט. נאָר דאָ האָט זיך אויך באַרעכטיקט די מיינונג פון מיינע געוועזענע חברים, וואָס האָבן מיך כאַראַקטעריזירט אַלס אַ מענטש, וואָס האָט ליב צו עקספּלואַטירן און אַלס אַ מענטש מיט בור־זשואַזע אַפּנויגונגען. איך וועל זיך נישט פאַרטיפן אין דע־טאַלן, נאָר דאָס געשעפט איז ביי מיר אויך אַוועק שלעכט. מיין הוצאה־בודזשעט איז געווען אַלנפאַלס נישט העכער פון דעם פאַרדינסט פון מיינע אַרבעטער. נישט קוקנדיק אויף דעם, בין איך שוין אין 1913־טן יאָר נישט גענוג נאָך, וואָס איך בין געבליבן אַן געלט, נאָר איך בין אַריינגעקראָכן אין אַ חוב אויף אַ סומע פון 800 רובל, וועלכע איך האָב אויס־געצאָלט אין משך פון 2 יאָר. פאַר די גאַנצע 8 יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין סאַראַטאָוו, האָב איך זיך געסטאַ־רעט אויסמיידן אַ וועלכע נישט איז באַקאַנטשאַפט. אויסער געשעפטלעכע באַקאַנטע און די שכנים האָב איך קיינעם נישט געקאַנט. זייענדיק צוגעבונדן צו דער זשאַנדאַרמעריע אַ דאַנק מיין פאַלשן פּאַספּאָרט, האָב איך זיך געסטאַרעט זיין שטענדיק אַליין, נישט פאַרפירנדיק קיין באַקאַנטשאַפט, כדי

די זשאַנדאַרמעריע זאָל מיך נישט קענען אויסנוצן. אין 1914־טן יאָר, ווען דער טערמין פון מיין פּאַספּאָרט האָט זיך געענדיקט, האָב איך זיך געווענדעט צו קאָמיסאַראַווז, כּדי דעם פּאַס צו באַנייען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער דאַרף ווענן דעם אַנשרייבן אין דעפּאַרטאַמענט און כּדי עס זאָל זיך באַקומען אַ באַפרידיקנדיקער ענטפער פון זייער זייט, וועט ער מוזן אַנווייזן דעם דעפּאַרטאַמענט וועגן מיין אַנגעהעריקייט צו זיי, כאָטש נישט אַלס אַפּיציעלער מיטאַרבעטער, נאָר לכל הפּחות אַלס איבערזעצער פון געהיימע דאָקומענטן פון יידיש אויף רוסיש. אין דער אמתן האָב איך זיי קיין געהיימע דאָקומענטן נישט איבערגעזעצט. עס זענען געווען פאַלן, ווען איך פלעג אַריינגיין וועגן מיין פּאַספּאָרט אין זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג, פלעגן זיי מיר צוטראָגן בריוו איבערצוזעצן. איך פלעג זיי איבערקוקן און נישט איבערזעצן מיטן מאָטיוו, אַז איך בין נישט שטאַרק אין דער רוסישער שפּראַך, און איך פלעג זיי זאָגן, אַז אין די בריוו איז קיין געפערלעכעס נישטאָ. אין 1915־טן יאָר, ווען שטשערבאַטאָוו האָט אַרויסגעגעבן דעם צירקוליאַר וועגן אָפּשאַפן, אָדער ריכטיקער געזאָגט פאַרברייטערן די גרענעצן פון „תּחום המושב", האָב איך זיך געווענדעט אין מיין קהלה אויף אַרויסצובאַקומען פון דאָרטן מיינע דאָקומענטן מיטן צוועק צו איבערפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט און לעבן דאָרטן אַלס כּשרער מענטש. נאָר גראָד אין יענער צייט איז מיין געבורט־שטאָט (גראָדנער גובערניע), פון וואַנען איך האָב געזאָלט באַקומען מיינע דאָקומענטן, געווען פאַרנומען פון שונא. אויף אַזאַ אופן איז מיר אויסגעקומען צו זיצן אויף אַ פאַלשן דאָקומענט די גאַנצע צייט ביז דער איבערקערעניש.

נאָך דער איבערקערעניש האָב איך זיך אַליין אונטער־

געוואָרפן אַ היימישן אַרעסט. איך האָב באַשלאָסן נישט אַרויסגיין פון שטוב, ביז וואַנען עס וועט זיך נישט ליקווי־דירן מיין ענין, און דאַן האָב איך טאַקע גערעכנט אויפ־הויבן די פראַגע וועגן רעאַביליטאַציע.

איך האָב זיך צוגעאיילט מיט ענדיקן מיין מאַשין, וואָס גרייט צו פעסטאַנען צו שיך.

ווען איך וואָלט איבערגעגעבן די מאַשין אין רשות פון מיין פאַמיליע וואָלט זי געקאָנט דורכלעבן און אויסצאָלן די חובות אין סכום פון 1000 רובל, וועלכע איך האָב אַריינ־געלייגט אין דער מאַשין, מען האָט מיך אָבער געכאַפּט. דעם 4־טן אַפּריל האָט מען מיך לויטן אָרדער פון אויספיר־קאָמי־טעט אַרעסטירט.

# רעזולטאַט פון אונזער II רעדאַקציאָנעלער באַראַטונג

דער רעזולטאַט פון אונזער II רעדאַקציאָנעלער באַראַטונג גיט אונז צו מוט אין אונזער אַרבעט. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז די „גראַשן־ביבליאָטעק" האָט זיך פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ דערוואָרבן אַ מחנה טרייע פריינט און לעזער, וואָס שאַצן אָפּ ווי געהעריק אונזער אַרבעט אין די אומגעהויער שווערע באַדינגונגען פון הייניקן קריזיס.

די וואַרעמע און אָפּטמאָל ענטוזיאַסטישע אָפּרופן פון אונזערע לעזער באַווייזן, אַז די ברייטע לעזער־מאסען פילן די נויטיקייט פון אַזאַ מין ביבליאָטעק, וואָס זאָל זיי אויף אַ פּאָפּולערן, אינטערעסאַנטן אופן סיסטעמאַטיש באַקענען מיט די פאַרשידנסטע געביטן פון לעבן, מיט די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער אַלגעמיינער און יידישער געשיכטע. פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג א. אַ. וו. אונזער ביבליאָטעק בילדעט אַ מין פּאָפּולערן פאָלקס־אוניווערזיטעט, וואָס נעמט אַרום פאַרשידענע געביטן, וואָס באַקענט דעם לעזער מיטן לעבן און קאַמף פון גרויסע מענטשן אין היס־

טאָרישע עפּאָכן, וואָס אַנטוויקלט און הויבט דעם קולטורעלן און גייסטלעכן מצב פונם לעזער, באַהעפט אים מיט דער וועלט פון פּאָרטשריט, פון פּראָבלעמען און קאַמפן, מיטן יידישן בוך.

פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ האָט אונזער ביבּליאָטעק פאַרשאַפט אַ ברייטן עולם שטענדיקע לעזער און פריינט, איבערשטייגנדיק לויט איר אינהאַלט, פּרייז און טיראַזש אַלע אַנדערע יידישע ביכער־אויסגאַבן. אין אַ צייט פון שווערן עקאָנאָמישן קריזיס האָבן מיר זיך געשטעלט די אחריותפולע אויפגאַבע צו געבן דעם יידישן מאַסן־לעזער אַ אינטערעסאַנטע און באַלערנדע לעקטור, וואָס זאָל זיין לויטן פּרייז און אינהאַלט צוגענגלעך פאַר יעדן איינעם. מיר האָבן זיך באַמיט אַנטקעגנצוקומען דער קולטור־באַדערפעניש פון דער יידישער מאַסע נאָך אַ ביליק בוך, וואָס זאָל פאַראייניקן גייסטיקן גענוס מיט קולטורעלן ווערט, אַרויסרייסן זיי פון דער טאָג־טעגלעכער גראָקייט און ווייזן אַנדערע שענערע וועלטן.

אין אונזער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט 1513 לעזער און לעזערינס פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק".

## ענטפערס אויף די באַזונדערע פראַגן:

2. דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון אונזערע לעזער:
צווישן די 1513 אַנטיילנעמער געפינען זיך 958 אַר־
בעטער, 359 סוחרים און בעלי־מלאכות, 95 — בײַ די
עלטערן, 78 שילער און 23 פון אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס.
די אַרבעטער טיילן זיך לויט די פאַכן:

| | |
|---|---|
| האַנדלס־אַנגעשטעלטע | 206 |
| שניידערס | 138 |
| גייסטקע אַרבעטער און לערער | 119 |
| קאַמאַשנמאַכער | 9 |
| פלייש־אַרבעטער | 88 |
| בעקער־אַרבעטער | 63 |
| פריזירערס | 51 |
| דרוקער | 61 |
| סטאָליארס | 40 |
| לעדער־אַרבעטער | 38 |
| בוהאַלטערן | 44 |
| איינבינדער | 21 |
| פאַרמאַצעטן | 3 |
| אַרבעטסלאָזע | 37 |

לויטן עלטער טיילן זיך די אנטיילנעמער אויפן פאלגנ־
דיקן אופן:

16—18 יאר — 351 אנטיילנעמער, 22—19 י. —
603, 27—23 י. — 378, 30—28 י. — 117, 47—36
יאר — 64.

אין דער באראטונג האבן זיך באטייליקט 71 פרויען.

3. צי זענט איר צופרידן מיטן אלגעמיינעם כאראקטער
פון דער „גראשן־ביבליאטעק“?

אויף דער פראגע האבן 1496 לעזער געענטפערט: יא!
17 „ ניין!

4. וועלכע פון די ערשטע 44 דערשידענע ביכלעך גע־
פעלן אייך אמבעסטן:

די גרעסטע צאל שטימען האט באקומען דאס ביכל נר.
33: ק. מאשקאוויטש: „ווי אזוי מ׳האט ארויסגענגבעט די
10 ארעסטאנטן פון פאוויאק?“ דאס ביכל האט באקומען
1156 שטימען. נאך דעם גייען: נר. 11 (דאנטאן) 917
שטימען, נר. 40—41 (לענין) 687 שטימען, נר. 34—35
(דרייפוס) 528 שטימען.

5. וועלכע ביכער געפעלן אייך נישט און פארוואס?

דערהויפט זענען די לעזער נישט צופרידן מיט די גאר
ערשטע ביכלעך. די גרעסטע אומצופרידנקייט האבן ארויס־
גערופן די ביכלעך נר. 5 (מאנאלעסקו), 2 (אמעריקאנער
מיליאנערן), און 4 (געניאלע סיפיליטיקער). איינצלנע שטי־
מען זאגן זיך אויך ארויס קעגן די נומערן: 12, 19, 23,
29, 37. די מאטיוון זענען אפטמאל גאנץ אינטערעסאנט.
מיר ברענגען דא א פאר קורצע אויסצוגן פון די בריוו
וועגן איינצלנע ביכלעך:

נר. 2: „ס'איז צו סענסאַציאָנעל".
„די באַשרייבונג פון אַזאַ רייכטום צערייצט
דעם געדריקטן קלאַס".

נומ. 7 און 12: „ס'איז תאווהדיקע ליבע"
„צו קורץ".
„ס'איז צו קיצלדיקע שטאָף".

נר. 18: „פּאָרנאָגראַפיע".
„ס'איז דעמאָראַליזירנד".

נר. 19, 23, 24: „מיר געפעלן נישט רעליגיעזע טעמעס".

נר. 37: „נישט פאַרשטענדלעך".
„ווייניק אינטערעסאַנט".

גאָר אינדיווידואַליסטיש איז די מיינונג פון אַ לעזער וועגן נר. 17: „עס איז אינטערעסאַנט, נאָר מיר געפעלט נישט"...

523 לעזער האָבן געענטפערט, אַז זיי געפעלן אַלע ביכלעך אָן אויסנאַם.

6. וואָס פאַראַ באַמערקונגען האָט איר אונז צו מאַכן,

7. צי האָט איר וועלכע פאָרשלאָגן אויף דער צוקונפט?

בנוגע די פּונקטן פאָרלאַנגען אַ טייל לעזער מ'זאָל געבן מער סאָציאַלן אינהאַלט; שרייבן וועגן דער צוקונפט, נישט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט; שרייבן וועגן דער וועלט־מלחמה, וויסנשאַפטלעכע זאַכן, וועגן יידישע טעמען; וועגן רעוואָלוציאָנערן און פּראָוואָקאַטאָרן.

8. וויפל מענטשן לייענען דעם דורך אייך געקויפטן עקזעמפליאַר פון דער „גראַשן־ביבליאָטעק"?

עס קומט אויס, אַז דורכשניטלעך ווערט יעדער געקויפטער עקזעמפליאַר געלייענט דורך 5—6 פּערזאָן. דאָס פרייט אונז זייער, ווייל דאָס באַווייזט, אַז אונזערע ביכלעך ווערן געלייענט דורך צענדליקער טויזנטער. גלייכצייטיק איז עס אָבער אַ גרויסע סכנה פאַר דער עקזיסטענץ פון דער „גראַשן־ביבליאָטעק", ווייל עס פאַרקלענערט די צאָל געקויפטע עקזעמפליאַרן און עס שוואַכט אָפּ די פונדאַמענטן פון אונזער אויסגאַבע אין אַזאַ שווערע צייט.

9. צי דאַרף מען איינפירן אַ ליטעראַרישע סעריע?

674 לעזער האַלטן, אַז מען דאַרף אַזאַ סעריע יאָ איינפירן.

185 לעזער האַלטן, אַז מען דאַרף אַזאַ סעריע נישט איינפירן.

---

אין פאַרגלייך מיט דער ערשטער רעדאַקציאָנעלער באַראַטונג, וואָס מיר האָבן אַדורכגעפירט ביים סאַמע אָנהויב פון אונזער אַרבעט, ווייזט אַרויס די איצטיקע באַראַטונג, אַז מיר האָבן אין אונזער אַרבעט דערגרייכט באַדייטנדיקע רעזולטאַטן און אַז אין רעדאַקציאָנעלן הינזיכט האָט די „גראַשן־ביבליאָטעק" אַדורכגעמאַכט אַ גרויסע און וויכטיקע אַנטוויקלונג. מיט צופרידנקייט שטעלן מיר פעסט, אַז די איצטיקע ריכטונג פון דער „גראַשן־ביבליאָטעק" אַנטשפּרעכט די באַדערפענישן און פאַרלאַנגען פון די גרויסע לעזער־מאַסן. מיר וועלן אויך ווייטער זיך באַמיען צו

דערהאַלטן אונזער אויסגאַבע אויף דער ביזאיצטיקער הויך, זי צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן.

צום סוף ווילן מיר נאָך אונטערשטרייכן, אַז די אַנט־וויקלונג פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק" מוז זיין אַ בשותּפותדיק ווערק פון די אַרויסגעבער און פון די לעזער. מיר ווילן זיך באַמיען צו שטיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די לעזער און זען זיי ווי ווייט מעגלעך צופרידנצושטעלן. די לעזער קאָנען אונדז העלפן מיט דריי זאַכן: 1) ווערן שטענדיקע אַבאָנענטן, 2) ווערבירן אונדז נייע קויפער און אַבאָנענטן, פאַרשפּרייטן די „גראָשן־ביבליאָטעק" צווישן זייערע פריינט און באַקאַנטע, 3) שטיין מיט אונדז אין שטענדיקן קאָנטאַקט, גיבן אונדז צו וויסן זייער מיינונג וועגן באַזונדערע ביכער, טיילן זיך מיט אונדז מיט די איינדרוקן, באַמערקונגען און פאָרשלאָגן.

נאָר אַ בשותּפותדיקע האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט וועט קאָנען פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק" מאַכן דאָס, וואָס מיר אַלע ווילן זי זאָל זיין: אַ ביליקע, אינטערעסאַנטע און באַלערנדע פאָלקס־ביבליאָטעק!

**רעדאַקציע „גראָשן־ביבליאָטעק"**

# ווער האָט געוואונען אונזערע פּרעמיעס?

1 גרויסע פּרעמיע: ל. טראַצקים „געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע"; א. ערענבורג „די ליבע פון זשאַננאַ נעי". 3 ביכער פון דער „מאָדערנער ראָמאַנען־ביבליאָטעק". אַ קאָמפּלעט ייד. גראַשן־ביבליאָטעק (5 ביכער); אַ פערטל יערלעכן אַבאָנאַמענט „גר. ביבל." צוזאַמען איז ווערט פון 50 זל.

מאָטל בירנבוים, יאַנאָוו פּאָדלאַסקי.

5 פּרעמיעס: אַ פערטל יערל. אַבאָנאַמענט „מאָדערנע ראָמאַנען־ביבליאָטעק".

ס. גלאָס, זאַמאָשטש, ס. האוט, טאָמאַשאָוו לוב., מ. גיערש, אילזשא, יוסף האַנדעלסמאַן, האַראַכוּוו, ס. קוסאַ־וויצקי, נאַרעווקא.

5 פּרעמיעס: אַ האַלב־יערלעכער אַבאָנאַמענט „גר.־ביבליאָטעק" (26 ביכלעך).

מרדכי גענשעראָוויטש, לאָדזש, יוסף טאַינסקי, סוואַלק, ש. גלעיזער, כעלם, מ. אדלער, רודניק, יעקב צבי זייפּטער, מילובקא.

5 פּרעמיעס: קאַמפּלעטן יידישע גראָשן־ביבליאָטעק (גאָרקי, יוסופאָוו, פּאַ, ניקאַנדראָוו).

אברהם האַלצמאַן, גאָווּאָראָוואַ, לייב בראַמשטיין, יעד־וואַבנע, אברהם זילבערשטיין, פּאַלעניץ, פּ. וויינבערג, סאַ־כאַטשעוו, וו. בראָון, משטשינאָוו.

10 פּרעמיעס: פּערטל־יערלעכער אַבאָנאַמענט „גראָשן־ביבליאָטעק" (13 ביכלעך).

יוסף קאַפּעלמאַכער, קאַלאַמיי, נפתּלי אַרגאַנד, טאַרנאָוו, חיים מינסקי, וואַרשע, ע. גלעמבאָצקי, אַסטרינאַ, ז. האַלץ, לעמבערג, הירש ראַבינאָוויטש, אָפּאַטאָוו, ב. קיווקאָוויטש, סאָסנאָוויעץ, י. לוסטיג, וואָלקאָוויסק, יעקב שטיווועלמאַן, סאַווין.

די אויבן אויסגערעכנטע לעזער ווערן געבעטן צו פאַר־בינדן זיך מיט אונזער אדמיניסטראַציע און אָנגעבן זייערע גענויע אדרעסן.

---



# לענין

פון ק. מאַשקאָוויטש.

מיט 5 בילדער.

## פולע ביאָגראפיע לענינס.

„גראָשן-ביבליאָטעק" נ. 40-41.

128 זייטן — פרייז 60 ג. (מיט פּאָרטאָ 75 גר.).

צו באַקומען ביי אַלע צייטונגס-פאַרשפּרייטער.

— אַדרעס פאַר געלט: ב. ק. אָ. 21,667 —

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך
# פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק“

1. ראבערט סמיט: מאטא־הארי — טענצערין־שפיאָן.
2. א. קעלסאָן: אמעריקאנער מיליאָנערן.
3. מ. הארטמאן: צווישן טראָן און ליבע. (טראגעדיע פון דער האבסבורגער דינאסטיע).
4. ס. האפקינס: גענייאלע סיפיליטיקער.
5. פּ. וועטשעלי: מאנאלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. ג. סלאָנימסקי: ג. גאפאָן, גלח־פּראוואקאטאר.
7. מ. גרעגאריוס: לוקרעציא באָרדזשיא.
8. י. קאגאן: גראף פּאטאצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פּריטיאָף לארסאָן: אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאָבילעס עקספּעדיציע צום צפון־פּאָל).
11. ק. מאשקאוויטש: דאנטאָן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואלוציע.
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאָן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פּוילן.
14. ש. בערנמאן: לעוו טראָצקי, די טראגעדיע פון א רעוואלוציאנער.
15. ח. פרײדבערג: דער טרוימער פון אקעאנען (קריסטאף קאלומבוס).
16. י. קאגאן: אסתרקע, די פּוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קארלין: דער קייזער פון א רעפּובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העטערע אויפן טראָן (יעקאטערינע II).
19. פּ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנדער דעם צווייטן?
21. ס. ט. מײזנער: דער כשוף־מאכער פון אונזער צייט (טאמאס עדיסאָן).
22. ג. סלאָנימסקי: דער בונט אויף דער פּאנצער־שיף „פּאטיאמקין“.
23. ק. מאשקאוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאגאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראָן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).
26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פארברעכער צי קרבן?)
27. ש. בערנמאן: יעוונא אזעף — דער רעוואָלוציאנער.
28. ש. בערנמאן: אזעף ראסקין — דער פּראוואקאטאר.“

(המשך אויף דער לעצטער זייט פון דער הילע).

מ. קאראָלין

# די רעוואלוציע אין ענגלאנד

## (אָליווער קראָמוועל)



פארלאג „גראָשן־ביבליאָטעק"

ווארשע 1931

דאָס הײַנטיקע ענגלאַנד געהערט צו די מעכטיקסטע מלו־
כות אין דער וועלט. די בריטישע אימפּעריע איז אָן שום
ספק, די וויכטיקסטע דעה־זאָגעריין אין דער אינטערנאַציאָ־
נאַלער פּאָליטיק. צו די ווערטער פון די ענגלישע פּרעמיערן
הערט מען זיך צו מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס, ווײַל מען
ווייסט, אַז פון דער דאָזיקער וועלט־הערשערישער מלוכה איז
אָפּהענגיק דער גורל פון אַ סך לענדער און פעלקער. הונדער־
טער מיליאָנען מענטשן און צענדליקער פעלקער ליגן אונ־
טערטעניק אין די פעסטע הענט פון „בריטישן לייב", וועל־
כער הערשט איבער אַ פינפטל טייל פון דער ערד און איז דער
מעכטיקסטער באַצווינגער פון ימים און אָקעאַנען. פון צייט
צו צייט בונטעווען זיך די ענגלישע קאָלאָניעס, דאָ און דאָרט
פלאַקערן אויף פייערן פון אויפשטאַנדן און מרידות קעגן דער
בריטישער הערשאַפט, אפילו דאָס שוואַכע יידישע פאָלק
ווייזט אויך אַ פויסט דעם ענגלישן מאַכטהאָבער, אָבער דער
„בריטישער לייב" לאַכט זיך אויס פון די אַלע בונטן און
פויסטן און הערשט ווייטער ביד־חזקה איבער צענדליקער
פעלקער און לענדער.

די לעצטע פּאָליטישע געשעענישן אין ענגלאַנד האָבן ווי־
דער צוגעשמידט די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער
וועלט צו דער דאָזיקער מעכטיקער מלוכה. וואו ליגן די סיבות
פון איר ריזיקן איינפלוס אין דער וועלט? ווען און ווי אַזוי

איז אַנטשטאַנען אַט די ריזיקע אימפּעריע, וועלכע האָט אונ־טערטעניק געמאַכט אַזוי פיל פעלקער און לענדער? ווער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט אַרויסגעשטופּט דאָס קליינע אינזל־מלוכהלע אין די פאָדערשטע רייען פון דער וועלט־אַרענע? ווער איז געווען דער בויער און פונדאַמענט־לייגער פון דער היינטיקער, מעכטיקער בריטישער אימפּעריע?

אַט די דאָזיקע פראַגן אַנטשטייען שטענדיק, ווען אין ענגלאַנד קומען פאָר וויכטיקע פּאָליטישע געשעענישן. דאַ־מאָלס הויבט מען אָן אַריינצוקוקן אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד, דאַמאָלס הויבט מען זיך אָן צו אינטערעסירן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער קיין שום געשטאַלט אין דער גע־שיכטע פון דער דאָזיקער מלוכה רופט נישט אַרויס אַזאַ גע־וואַלדיקן אינטערעס, ווי די מעכטיקע פיגור פון דעם גרעסטן מלוכה־מאַן, וואָס ענגלאַנד האָט ווען עס איז פאַרמאָגט, די פּערזאָן פון אָ ל י ווע ר ק ר אָ מ וו ע ל. און ווייל מען ווייסן, ווייל מען זוכן די סיבות פון ענגלאַנדס היינטיקער גרויסקייט, שטאַרקייט און וועלט־מאַכט, מוז מען זיך קודם־כּל אָנשטויסן אויף דעם געשטאַלט פון אָליווער קראָמוועל.

מיט זיין נאָמען איז פאַרבונדן דער אינטערעסאַנטסטער און שטורמישסטער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון ענגלאַנד — דער פּעריאָד פון דער ענגלישער רעוואָלוציע און דער ענגלי־שער רעפּובליק, וואָס ער איז געווען איר הויפּט־שעפער. אָלי־ווער קראָמוועל, דער פרומער קאַלוויניסט און שטילער פּער־מער, איז פּלוצלינג, אויפן דריי און פערציקסטן יאָר פון זיין לעבן, אַרויפגעשוואומען אויף דער היסטאָרישער אויבער־פלאַך און פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער ענגלישער געשיכטע, לייגנדיק די פונדאַמענטן פאַר דער היינטיקער רי־זיקער בריטישער אימפּעריע.

סיי דאָס געשטאַלט פון קראָמוועלן, סיי די עפּאָכע אין וועלכער אים איז אויסגעקומען צו קעמפן און הערשן, איז אַזוי אינטערעסאַנט און פול מיט דראַמאַטישע און שפּאַנענדיקע מאָמענטן, אַז זיי שמידן בסדר צו דעם לעזער. ווען מיר לייענען וועגן די פּאָליטישע קאַמפן פון יענער צייט דוכט זיך, אָפּטמאָל, אויס, אַז זיי זענען, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, ענלעך צו אונזער היינטיקער ווירקלעכקייט... און שוין צוליב דעם אַליין לייענען זיך די שילדערונגען פון דער ענגלישער רעוואָלוציע אין XVII־טן יאָרהונדערט מיט אַ גרויסן און ממש פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס.

I

שטיל און רואיק האָט זיך געלעבט אין דער שטאָט עדינגטאָן דער ענגלישער ערד־באַזיצער טאָמאַס קראָמוועל מיט זיין ווייב עליזאַבעטע, ווען ביי זיי איז דעם 25־טן אַפּ־ריל פון יאָר 1599 געבוירן געוואָרן דאָס פינפטע קינד, וועל־כעם מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן אָליווער. נישט דער פאָטער און נישט די מוטער האָבן אַפילו נישט געחלומט, אַז אָט דעם דאָזיקן קינד וועט דער גורל אָנצייכענען אַזאַ גרויסע ראָל אין דער געשיכטע פון ענגלישן פאָלק. די מוטער פון קליינעם אָליווער האָט זיך אַפילו שטענדיק באַרימט, אַז זי שטאַמט פון שאָטלענדישן קעניגלעכן הויז סטיוּאַרט*), אָבער, אַז איר זון זאָל שפּעטער פאַרטרייבן געקרוינטע הערשער פון טראָן, אַז ער זאָל ווערן דער דיקטאַטאָר איבער אַ פאַריייניקט ענגלאַנד — וועגן דעם האָט אַפילו נישט געפרואווט פאַנטאַ־זירן די דאָזיקע פרוי, אין וועמענס אַדערן ס׳איז געפלאָסן קעניגלעך בלוט.

טאָמאַס קראָמוועל איז געווען אַ פרומער פּוריטאַנער און ער האָט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל אויך זיין אַזעלכער, דעריבער האָט ער דעם קליינעם אָליווער געשיקט אין דער פּוריטאַנישער שול פון עדינגטאָן, וואו אָליווער האָט זיך גע־לערנט ביזן זיבעצטן יאָר פון זיין לעבן.

*) זע גראַשן־ביבל. נומ. 25 „פון טראָן אויף דער תּליה (מאַריאַ סטיוּאַרט)״.

— דאָס איינציקע, וואָס איך פאָדער פון דיר, מײַן זון, איז, אַז דו זאָלסט זײַן פֿרום און ערלעך צו מענטשן, — פֿלעגט דער פֿרומער פאָטער איינטענהן מיט זײַן זון.

— איך וועל נישט קאָנען לעבן, אויב מיך וועלן כּסדר נישט באַגלייטן ערלעכקייט און אַ ריין געוויסן, — האָט אָליווער געענטפערט.

צו זיבעצן יאָר האָט ער געענדיקט די פּוריטאַנישע שול און איז אַריינגעטרעטן אין אוניווערזיטעט. ס'איז אַגב אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז דעם 23־טן אַפּריל 1616, ווען אָליווער קראָמוועל איז אָנגעקומען אויף דעם אוניווערזיטעט, איז אין דעמזעלבן טאָג געשטאָרבן דער גרעסטער ריז פון דער ענגלישער דיכטונג — וויליאַם שעקספּיר.

גרוי און איינטאָניק איז געווען דאָס לעבן פון קראָמוועלן ביזן יאָר 1642, ביז דער צייט, ווען דער היסטאָרישער גורל האָט אים אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון גרויסן פּאָליטישן קאַמף. זײַן ווייטערדיק לעבן ביזן דערמאָנטן יאָר שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּשוטע שטילע אידיליע. ס'ווילט זיך פּשוט נישט גלויבן, אַז אָט פון דעם שטילן פּערמער, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אַקערן און זייען פעלדער, מיט אויסטרוקענען בלאָטעס, מיט האָדעווען בהמות, אַז אָט פון דעם גוטמוטיקן, פֿרומען, פּוריטאַנישן ערד־אייגנטימער (די ערד האָט ער געירשנט פון זײַן פאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1617) זאָל פּלוצלינג אַרויסוואַקסן אַ מלוכה־מאַן און מיליטער־אָנפירער פון אַזאַ ריזיקן פאַרנעם.

ער ענדיקט דעם אוניווערזיטעט און האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון אַ רייכן לאָנדאָנער סוחר — עליזאַבעטע באָרטשע. ער באַזעצט זיך מיט איר אין זײַן געירשנטן גוט אין עדינגטאָן און ווידמעט זיך אינגאַנצן דער ערד־ווירט־

שאפט. שטיל און באַשיידן לעבט זיך דערווייל דער שפּע־
טערדיקער שטורמער פון ענגלישן טראָן. די אַרומיקע באַ־
פעלקערונג באַציט זיך צו אים מיט גרויס דרך־ארץ און
ווײַלט אים אַפילו אויס אין יאָר 1629 אַלס דעפּוטאַט אין
דער אונטערשטער פּאַלאַטע. אָבער אין פּאַרלאַמענט הערט
מען דאָן גאָרנישט פון קראָמוועלן, ער ציט נישט אויף זיך
קיינעמס אויפמערקזאַמקייט, זיינע קורצע רעדעס, אין וועל־
כע ער פּאַרטיידיקט די אָרעמע בירגער פון לאַנד, רופן נישט
אַרויס קיין באַזונדערן אינטערעס, ווייל מען ווייסט, אַז דער
דאָזיקער מענטש איז אַן ערלעכער פּוריטאַנער און דעריבער
נעמט ער זיך אַן די עולה פון די אָרעמעלייט.

ביזן 43־טן יאָר פון זיין לעבן איז קראָמוועל ווייט פון
געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן קאַמף. ער איז אַפילו מקרב
אין זיין הויז די אַלע, וועלכע ווערן פּאַרפאָלגט פון דעם קע־
ניג קאַרל דעם ערשטן, ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט
די געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אין לאַנד אונטער דער
הערשאַפט פון דעם דאָזיקן דעספּאָטישן קעניג, ער פילט אָבער,
אַז זיין צייט פון קאַמף איז נאָך נישט געקומען.

זעלטן איז צו טרעפן אין דער געשיכטע פון קעמפער
און הערשער אַ מענטש, וועלכער זאָל ערשט אין די סוף יאָרן
פון זיין לעבן אַרויסטרעטן אויף דער היסטאָרישער אַרענע.
ס'קאָן זיין, אַז קראָמוועל האָט זיך די גאַנצע צייט גייסטיק
און מאָראַליש צוגעגרייט צו דער גרויסער אויפגאַבע, וועל־
כע איז אים פאַרגעשטאַנען אין זיין לעבן, ס'קאָן זיין, אַז דער
פּאָליטישער און מיליטערישער ריז האָט זיך אין די שטילע
שעהן פון זיין לעבן אַלס פערמער צוגעגרייט צו די מעכטיקע,
היסטאָרישע מעשים, — אָבער קיין באַווייזן דערויף האָבן מיר
נישט. נישט די כראָניקער פון יענער צייט און נישט קראָמ־

וועל אַליין דערציילן אונז גאַרנישט וועגן דעם אַלעם. ערשט אין דעם מאָמענט, ווען קראָמוועל שטייט אַרויף אויף דער היסטאָרישער אַרענע, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז זיין מענטשלעכע פּערזענלעכקייט אין איר גאַנצן פאַרנעם.

אָבער איידער מיר הויבן אָן צו דערציילן וועגן קראָמוועלס היסטאָרישע מעשים, וועגן זיין מעכטיקן אויפשטייג, מוזן מיר לכתחילה שילדערן דעם אָנהויב פון די געשעענישן, אין וועלכער קראָמוועל האָט שפּעטער געשפּילט די הויפּטראָל.

## II

די הערשאַפט פון דעספּאָטישן קעניג יאַקאָב דער 1־טער האָט זיך געצויגן גאַנצע 22 יאָר, פון 1603 ביז 1625. דאָס ענגלישע פאָלק האָט שווער און געדולדיק געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון דעם דאָזיקן דעספּאָט, וועלכער האָט אַפילו אָנגעשריבן ספּעציעלע ביכער וועגן דעם „געטלעכן רעכט" פון אַן אַבסאָלוטישן הערשער. פאַר דער צייט וואָס דער דאָזיקער מאָנאַרך האָט געהערשט האָט די מלוכה געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. די באַפעלקערונג איז אָרעמער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, ווייל דער קעניג האָט געפאָדערט אַ סך שטייערן, די מלוכה איז געוואָרן איינגעשרומפּן און האָט געשפּילט אַ נישטיקע ראָל אין דעם דאַמאָלדיקן פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּע. מיט ענגלאַנד האָט מען זיך דאַמאָלס נישט גערעכנט. ס'איז געווען אַ קליין מלוכהלע, וועלכע האָט קיין שום אָנזען נישט געהאַט ביי די אַנדערע אייראָפּעאישע מלוכות. יאַקאָב דער 1־טער האָט מיט זיין נאַרישן רעגירן נאָך מער פאַראָרעמט דאָס לאַנד, נאָך מער פאַרקלענערט ענגלאַנדס אָנזען אין די אויגן פון די אייראָפּעאישע הויפן.

דאָס ענגלישע פאָלק האָט דעריבער לייכטער אָפּגעאָ־

טעמט, ווען יאַקאָב דער 1־טער איז געשטאָרבן און אויפן טראָן איז אַרויף דער זון זיינער, קאַרל דער 1־טער. אויף דעם דאָזיקן נייעם קעניג, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו הערשן אין יאָר 1625, האָט די באַפעלקערונג פון דער קלייִנער מלוכה געלייגט גרויסע האָפענונגען. אין ענגלאַנד האָט מען געוואוסט, אַז קאַרל איז אַ קלוגער, אַן אינטעליגענטער, אַ געבילדעטער. מ׳האָט דעריבער געגלויבט, אַז אַזאַ מענטש, וועט דאָס הערשן אויסנוצן לטובת דעם פאָלק און דער מלוכה.

אָבער באַלד אינם ערשטן יאָר פון זיין רעגירן האָט דער נייער קעניג אַלעמען אַנטוישט. קאַרל האָט געוויזן, אַז ער קאָן זיין נאָך דעספּאָטישער, נאָך שטרענגער, ווי זיין פאָטער. ער האָט באַלד דערקלערט אַ מלחמה דעם פאָלק, וואָס איז געווען געשטימט פּראָטעסטאַנטיש, מיטן איינפירן צוריק דעם קאַטאָליציזם אין ענגלאַנד, מיט זיין שליסן אַ שלום מיטן פּויפּסט און אָנקניפּן באַציאונגען מיטן פראַנצויזישן, קאַטוילישן קאַרדינאַל רישעליע. האָט אימיצער געוואַגט צו פּראָטעסטירן — איז ער געקעפּט געוואָרן. קאַרל דער ערשטער איז געווען שטרענג און אומבארחמנותדיק צו זיינע קעגנער.

אין יענער צייט האָט שוין אין ענגלאַנד עקזיסטירט אַ געוויילטער פּאַרלאַמענט, וועלכער איז (פּונקט ווי היינט) באַשטאַנען פון צוויי פּאַלאַטעס: די אויבערשטע פּאַלאַטע, דאָס לאָרדן־הויז, וואו עס זענען געזעסן פאַרשטייער פון אַדל און די אונטערשטע פּאַלאַטע, דער איינגעטלעכער פּאַרלאַמענט, וואו ס׳זענען געזעסן פאַרשטייער פון פאָלק.

אין זיין קאַמף קעגן פאָלק האָט קאַרל קודם־כּל אָנגעהויבן אַן אַטאַקע אויף דער אונטערשטער פּאַלאַטע, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די גרויסע שטייערן,

װעלכע דער קעניג האָט געװאָלט אַרױפֿלײגן אױף די ברײטע מאַסן. ער האָט אָנגעװענדעט דאָס באַקאַנטע מיטל: ער האָט דעם פּאַרלאַמענט פֿונאַנדערגעלאָזט. „אױב דער פּאַרלאַמענט װיל נישט געבן קײן געלט, דאַרף איך אים נישט האָבן!" — האָט ער ציניש דערקלערט. ס'איז געװײלט געװאָרן אַ צװײטע אונטערשטע פּאַלאַטע, װעלכע האָט אָבער אױך קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דעם קעניג געלט. קאַרל האָט אױך דעם צװײטן פּאַרלאַמענט געשיקט אַהײם און צונױפֿגערופֿן אַ דריטע אונטערשטע פּאַלאַטע. דאָס איז געװען אין יאָר 1628. אין דעם דאָזיקן פּאַרלאַמענט איז אױך געװײלט געװאָרן אַלס דעפּוטאַט פֿון װאָל־קרײז קעמבּרידזש — אָליװער קראָמװעל. מיר האָבן שױן אָבער דערמאָנט, אַז קראָמװעל האָט נאָך דאַמאָלס קײן שום פּאָליטישע ראָל נישט געשפּילט. דער ײנגער טיגער האָט זיך דערװײל רואיק צוגעקוקט צום לױף פֿון די געשעענישן, כּדי אין דער געהעריקער צײַט צו מאַכן דעם נױטיקן שפּרונג אױף דער היסטאָרישער אַרענע.

דער נײ־געװײלטער, דריטער פּאַרלאַמענט האָט נאָך פֿאַרביסענער און עקשנותדיקער געפֿירט זײַן קאַמף מיטן קעניג. די איצטיקע, אונטערשטע פּאַלאַטע האָט געהאַט אַ גרױסע צאָל רעפּובּליקאַניש געשטימטע דעפּוטאַטן, װעלכע זענען געװען פֿאַרײניקט אין דער „אינדעפּענדענטן־פּאַרטײ" (פּאַרטײ פֿון אומאָפּהענגיקע). די דאָזיקע פּאַרטײ, צו װעלכער עס האָט זיך אױך אָנגעשלאָסן אָליװער קראָמװעל, האָט באַשלאָסן בשום אופֿן נישט נאָכצוגעבן דעם קעניג, װען ער זאָל אױך דעם איצטיקן פּאַרלאַמענט פֿונאַנדערלאָזן.

די מערהײט פֿון פּאַרלאַמענט האָט דאָן דורכגעפֿירט אַ

נעזעץ, אַז דער קעניג האָט נישט קיין רעכט אָן דער הסכּמה פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע איינצוזעצן אין תּפיסה, אויפצומאַנען שטייערן, איינפירן מיליטערישע געריכטן, באַשטימען ריכטער א. ד. גל. דאָס דאָזיקע געזעץ, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „פּעטישען אָוו רייט", האָט געהאַט דעם צוועק צו פאַרשמעלערן דעם קעניגס רעכט און אים אַזוי אַרום צו האַלטן אין דער צויס.

לכתחילה האָט קאַרל באַשטעטיקט דאָס נייע געזעץ און האָט געגעבן אַנצוגעהערן, אַז ער וויל פון איצט אָן לעבן בשלום מיטן פּאַרלאַמענט. אין ענגלאַנד האָט מען זיך שטאַרק געפרייט, געהאָפט, אַז ענדלעך וועט קאַרל אויפהערן מיט זיין ריקזיכטלאָזער פּאָליטיק. פאַרן קעניגס פּאַלאַץ האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער בירגער און קאַרלען געמאַכט אָוואַציעס. דאָס פאָלק איז געווען צופרידן, וואָס דער קעניג האָט ענדלעך אויפגעהערט דעם קאַמף מיטן פּאַרלאַמענט.

אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס איז מצד דעם קעניג געווען נישט מער, ווי אַ כיטרער מאַנעווער, צו וועלכן ס'האָט אים צוגערעדט זיין מיניסטער, דער הערצאָג בוקינגהאַם.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין עטלעכע חדשים אַרום נאָכן אָפיציעלן סאַנקציאָנירן דאָס געזעץ וועגן „פּעטישען אָוו רייט" האָט קאַרל אויף אַ ברוטאַלן אופן פונאַנדערגעטריבן דעם פּאַרלאַמענט, דעם פירער פון דער אָפּאָזיציע, דעם דעפּוטאַט עליאָט, האָט ער איינגעזעצט אין תּפיסה, האַלטנדיק אים דאָרטן אַזוי לאַנג ביז יענער איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט. אויך אַ סך אַנדערע דעפּוטאַטן זענען אַרעסטירט געוואָרן. דער קעניג האָט זיך אַכזריותדיק נוקם געווען אין אַלע זיינע קעגנער, ט'האָט זיך צוריק אָנגעהויבן אַ דעספּאָטישע הערשאַפט. קאַרל האָט

באשלאסן שוין מער דעם פארלאמענט נישט צונויפצורופן און אליין צו הערשן ביד הזקה. ער האט זיך גענומען צו הילף דעם ארציבישאף פון קענטערבערי, וויליאם לאד, וועל־כער האט צעשיקט א מאסע שפיאנען איבערן גאנצן לאנד, כדי נישט צו דערלאזן צו קיין שום ארויסטריט פון דער גפא־זיציע. די שפיאנען פון דעם ארציבישאף האבן אומעטום געשמעקט און געגישטערט און טויזנטער מענטשן זענען גע־קעפט געווארן צוליב זייערע מסירות.

פון 1629 ביז 1640 האט קארל געהערשט אן א פאר־לאמענט. אין משך פון די דאזיקע עלף יאר האט דאס לאנד געלעבט אונטער א מוראדיקן, בלוטיקן טעראר. דער קעניג און דער ארציבישאף און שפעטער דער בעל־יועץ זיינער, דער גראף סטרעפערד האבן ווילד געהוליעט איבער די קעפ פון דער באפעלקערונג. קארל האט געשאפן אן אזוי גערו־פענע „אויבערשטע קאמיסיע", וועלכע האט אנגעפירט מיטן גאנצן מלוכה־לעבן און געזייט שרעק און טויט איבערן גאנצן לאנד. קיין געזעץ האט נישט געהערשט, יעדעס געריכט האט געמשפט לויטן אייגענעם איינזען. ווער ס'איז עפעס נישט געווען באקוועם פאר דעם קעניג, ווער ס'האט זיך מיט עפעס א ווארט אויסגעדריקט שלעכט אויפן חשבון פון דער מא־נארכיע, אדער אויפן קעניגס יוצר משרתים, איז אן שום צע־רעמאניעס געקעפט געווארן. קארל האט געשלעפט אן א שיעור שטייערן ביי דער באפעלקערונג און נישט אפגעגעבן קיין דין־וחשבון, אויף וואס דאס געלט ווערט אויסגעגעבן.

דאס פאלק האט געקריצט מיט די ציין, געביילט אין דער שטיל מיט די פויסטן און... געשוויגן.

אין דער דאזיקער שווערער צייט איז געשען א פאקט, וואס האט אויפגערודערט דאס גאנצע לאנד און באוויזן דעם

קעניג, אַז אין לאַנד וואַקסט אויס קעגן אים אַ מעכטיקע
שונא, ביי וועלכן עס וועט סוף־כּל־סוף פּלאַצן דאָס געדולד.
אין יאָר 1637 האָט אַ געוויסער דזשאָן העמפּדען זיך אָפּגע־
זאָגט צו באַצאָלן דעם שטייער פון 20 שילינג. פאַרשטייט
זיך, אַז דעם דאָזיקן העמפּדען נישט געגאַנגען אין די 20 שי־
לינג, נאָר אין אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דעם אומגעזעצלעכן
שטייער, וואָס דער קעניג האָט אַרויפגעלייגט. מ'האָט העמפּ־
דענען אַרעסטירט און איינגעזעצט אין תּפיסה. דער פּראָצעס
וואָס איז קעגן אים פאָרגעקומען, האָט געדויערט דרייצן טעג
און האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע פאָלק. העמפּדען איז
פאַרמשפּט געוואָרן אויף שווערער תּפיסה. ווען די טויזנטער
פאַרזאַמלטע בירגער אַרום געריכט־זאַל האָבן זיך דערוואוּסט
וועגן דעם דאָזיקן אורטייל, האָבן זיי געמאַכט פיינדלעכע
אויסרופן קעגן קעניג. גאַנץ ענגלאַנד — אַלע פאַרמערס,
סוחרים, האַנטווערקער, אַפילו לאָרדן — אַלץ איז געווען
שרעקלעך אויפגעבראַכט אויף דעם דאָזיקן פּסק־דין.

אָבער קאַרל האָט טריאומפירט און זיין בעל־יועץ, סטרע־
פערד, האָט אים געראָטן:

— מ'דאַרף די באַנדע צעשיסן און דערמיט אַ סוף
מאַכן מיט דער בילעריי פון די דאָזיקע מענטשן!

קאַרל האָט אָבער מורא געהאַט צו פאָלגן די עצות פון
דעם גראַף סטרעפערד, ווייל אים וואָלט אויסגעקומען אויס־
צושיסן דריי פערטל פון ענגלישן פאָלק און דאָס איז אַפילו
פאַר אַזאַ ריקזיכטלאָזן קעניג, ווי קאַרל דער 1־טער, געווען
אַביסל צו ריזיקאַליש, נאָך דערצו, אַז ער האָט זיך איצט
געפונען אין אַ שווערער לאַגע צוליב דער מלחמה מיט
שאָטלאַנד.

די דאָזיקע מלחמה איז אויסגעבראָכן צוליב רעליגיעזע

קאַמפּן צווישן דער קאַלוויניסטישער און אַנגליקאַנישער קיר־
כע. דאָס מיליטער, וואָס קאַרל האָט אויסגעהאַלטן, איז גע־
ווען שלעכט באַצאָלט, דיסציפּלינלאָז, האָט געקעמפּט אָן חשק.
אין יולי 1640 האָבן די ענגלישע סאָלדאַטן געליטן אַ גרויסע
מפּלה און קאַרל האָט געמוזט אונטערשרייבן שווערע שלום־
באַדינגונגען. די צפון־פּראָווינצן פון ענגלאַנד זענען אַריבער
צו שאָטלאַנד און שאָטלענדער האָבן לויטן שלום־אָפּמאַך
געדאַרפט באַקומען אַ גרויסע קאָנטריבוציע, וועלכע האָט
געזאָלט אויסגעצאָלט ווערן דורכן ענגלישן פּאַרלאַמענט, ווייל
די מלוכה־קאַסע פון קאַרל דעם 1־טן איז געווען פּוסט.

דער קעניג איז אַריינגעפאַלן אין אַ קלעם. וואָס טוט
מען? די שאָטלענדער מאָנען די קאָנטריבוציע, די קאָנטרי־
בוציע קאָן אויסצאָלן נאָר דער פּאַרלאַמענט, וועלכער וועט
געבן געלט. פון אַלע זייטן שיטן זיך פּעטיציעס וועגן צונויפ־
רופן די אונטערשטע פּאַלאַטע. קאַרל האָט נישט קיין ברירה.
ער וויל ווייטער הערשן אַליין ביד חזקה, אָבער איבער זיין קאָפּ
זאַמלען זיך צונויף שוואַרצע כמאַרעס. די שווערע באַדינגונ־
גען צווינגען אים צו באַשטימען וואַלן פון אַ פּאַרלאַמענט.

דעם 3־טן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען די ערשטע זי־
צונג פון דעם נייעם פּאַרלאַמענט, וועלכער איז אַריין אין
דער געשיכטע אונטערן נאָמען „דער לאַנגער פּאַרלאַמענט",
ווייל ער האָט עקזיסטירט אַ לענגערע צייט. די דעפּוטאַטן
זענען געווען זיגעריש געשטימט, אַלע האָבן געפילט, אַז איצט
וועט דער קעניג מוזן פאָלגן ד אונטערשטע פּאַלאַטע. קאַרל
קען דעם פּאַרלאַמענט נישט פאַנאַנדערלאָזן אַזוי לאַנג ביז
וואַנען דער פּאַרלאַמענט וועט נישט באַשטימען קיין געלט
צו באַצאָלן קאָנטריבוציע די שאָטלענדער, וועלכע שטייען
גרייט אויף דער גרענעץ. איצט האָבן די דעפּוטאַטן דעם קע־

ניג אין דער האַנט. די אָפּאָזיציע באַשליסט זיך נישט איילן מיטן באַשטימען געלט פאַר דער קאָנטריבוציע, אַזוי אַרום וועט דער פּאַרלאַמענט דערווייל קאָנען אָננעמען פאַרשידענע געזעצן און האַלטן דעם קעניג אין דער צוים.

אין דעם דאָזיקן פּאַרלאַמענט איז אויך געווײלט געוואָרן אָליווער קראָמוועל, אָבער ער שווייגט נאָך דערווייל, ער וואַרט נאָך אויף דעם געהעריקן מאָמענט. פירער פון דער אָפּאָזיציע ווערט אַ געוויסער פּים, וועלכער הויבט אויף אַ געוואַלדיקע קאַמפּאַניע קעגן דעם קעניגס בעל־יועץ, סטרעפערד.

— זייט וויסן, — האָט פּים געשריגן אין פּאַרלאַמענט,— זייט וויסן, אַז סטרעפערד האָט געעצהט דעם קעניג צו שיסן אין פאָלק. ער איז אַ פאַררעטער און מוז באַקומען זיין שטראָף.

די מערהייט פון פּאַרלאַמענט באַשליסט איבערצוגעבן סטרעפערדן צו אַ געריכט. קודם־כּל דאַרף מען זיך נוקם זיין אָן קאַרלס ראַטגעבער. סטרעפערד איז אַוועק אין לאָרדן־הויז און געבעטן די לאָרדן, אַז זיי זאָלן נישט באַשטעטיקן דעם באַשלוס פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע. אָבער אַלע זענען געווען קעגן סטרעפערדן. זיינע בקשות האָבן נישט גע־האָלפן. לויטן באַפעל פון פּאַרלאַמענט האָט מען אים אַרעס־טירט און אָפּגעפירט אין תּפיסה. באַלד נאָך סטרעפערדן איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דער אונ־טערשטער פּאַלאַטע, דער צווייטער בעל־יועץ פון קעניג — דער אַרכיבישאָף לאָד און איינגעזעצט געוואָרן אין דער פעס־טונג טאַוער.

און דער קעניג? ער איז איצט געווען הילפלאָז. ער האָט גאָרנישט געקאָנט טון. אַזוי לאַנג ווי דער פּאַרלאַמענט האָט

נישט אָנגענומען דעם באַשלוס וועגן סובסידירן געלט אויף דער קאָנטריבוציע פאַר די שאָטלענדער, האָט קאַרל זיך גע־מוזט אונטערוואַרפן אַלע באַשלוסן פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע.

און ווען דאָס געריכט פון 13 דעפּוטאַטן מיט פּימען בראָש האָט דעם 22־טן מערץ 1641 אָנערקענט סטרעפּערדן אַלס פאָלקס־פאַררעטער און אים פאַרמשפּט צום טויט דורך קעפּן — האָט דער קעניג מיט טרערן אין די אויגן געמוזט אונטערשרייבן דעם טויט־אורטייל איבער זיין אייגענעם בעל־יועץ. דעם 12־טן מאַי האָט סטרעפּערד אָוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויפן קלאָץ פון עשאַפאָט און ביי דער אָנוועזנהייט פון טויזנטער מענטשן האָט דער תּלין אָפּגעהאַקט סטרעפּערדס קאָפּ.

אַזוי אַרום האָט דער פּאַרלאַמענט דערקלערט דעם קע־ניג אַן אָפענע מלחמה. קאַרל האָט געמוזט טון אַלץ, וואָס דער פּאַרלאַמענט האָט געפאָדערט. ער האָט זיך גאָרנישט גע־קאָנט העלפן, ווייל פונאַנדערלאָזן איצט די אונטערשטע פּאַ־לאַטע וואָלט באַטייט נישט באַצאָלן די שאָטלענדער די קאָנ־טריבוציע. די שאָטלענדער וואָלטן אַן שום שהיות פאַרנומען לאָנדאָן און פאַרטריבן דעם קעניג. קאַרל האָט דעריבער גיי־קריצט מיט די ציין און זיך אונטערגעוואָרפן דער מאַכט פון פּאַרלאַמענט. ער איז געווען געצוואונגען צו באַשטעטיקן פאַרשידענע נייע געזעצן, וועלכע די אונטערשטע פּאַלאַטע האָט אָנגענומען און אַפילו אונטערגעשריבן אַ געזעץ, אַז דער פּאַרלאַמענט קאָן פונאַנדערגעלאָזט ווערן נאָר מיט זיין אײ־גענעם ווילן און נישט לויטן באַפעל פון קעניג. ביסלעכווייז האָט קאַרל פאַרלוירן זיין מאַכט, וועלכע איז איצט פּאַקטיש איבערגעגאַנגען צום פּאַרלאַמענט. נישט דער קעניג איז

איצט געווען דער דעה־זאָגער און באַפעלער איבערן פאָלק, נאָר דער געוויילטער פּאַרלאַמענט.

קאַרל דער 1־טער, וועלכער האָט דאָ נישט לאַנג געהאַט די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענט, וועלכער האָט רעגירט און געהערשט ווי ס'איז אים וואויל געפעלן, האָט שטילערהייט זיך געגרייט צו נקמה. זיין ווייב, די קעניגין הענריעטע מאַריע, וועלכע איז געווען אַ קאַטאָליקין און האָט פיינט געהאַט די ענגלענדער, איז דורכאויס געווען דערפאַר, אַז דער קעניג זאָל נישט קוקן אויף קיין שום געפאַר און זיך מיט געוועהר אַנט־קעגנשטעלן דער אָפּאָזיציע און פאַרלאַמענט.

דעם 3־טן יאַנואַר 1642 האָט דער קעניג געשיקט אין פאַרלאַמענט דעם גענעראַל־פּראָקוראָר מיט דער פאָדערונג אַרויסצוגעבן דעם געריכט פינף דעפּוטאַטן פון דער אָפּאָ־זיציע מיט פימען בראש, ווייל זיי ווערן באַשולדיקט אין אונ־טערהאַלטן באַציאונגען מיט די שאָטלענדער. די דעפּוטאַטן האָבן ערקלערט, אַז זיי וועלן זייערע חברים נישט אַרויסגעבן, ווייל דאָס איז אַ פשוטער בלבול.

צומאָרגנס דעם 4־טן יאַנואַר איז צו דער פּאַרלאַמענט־געביידע צוגעפאָרן דער קעניג אין באַגלייטונג פון 500 באַ־וואָפנטע סאָלדאַטן. ער האָט די סאָלדאַטן געלאָזט שטיין ביי די אָפענע טירן און איז אַליין אַריין אין פּאַרלאַמענט.

— איך בין געקומען נאָך די פינף דעפּוטאַטן, וועלכע זענען באַשולדיקט אין מלוכה־פאַרראַט, — האָט ער זיך שטרענג געווענדעט צום ספּיקער (פּאָרזיצער פון פּאַרלאַמענט).

אין פּאַרלאַמענט זענען דאַמאָלס אויך געווען אַ סך דעפּוטאַטן, אָנהענגער פון קעניג. די דאָזיקע פאַרטיידיקער פון קעניג פלעגט מען רופן „קאַוואַליערן“ (קעוועליאַרס) און די דעפּוטאַטן פון דער אָפּאָזיציע — „קיילעכדיקע קעפּ“ (ראונד־

העטס), ווייל זיי האָבן געהאַט קורץ געשווירענע קעפּ אין קעגנ־
זאַץ צו די קאַוואַליערן, וועלכע האָבן געטראָגן לאַנגע האָר.
דער ספּיקער, וועלכער האָט געהערט צו די „קיילעכדיקע קעפּ"
איז אַנידערגעפאַלן דעם קעניג צו די פיס און דערקלערט:

— אייער קעניגלעכע מאַיעסטעט, אויף דעם דאָזיקן
אָרט האָב איך נישט קיין אויגן צו קוקן און קיין מויל צו
רעדן עפּעס אַנדערש, ווי דער פּאַרלאַמענט הייסט מיך.

— יאָ, איך זע, אַז די פייגל זענען אַנטלאָפן, — האָט
קאַרל אַ זאָג געטון, זעענדיק, אַז די געזוכטע דעפּוטאַטן גע־
פונען זיך נישט אין פּאַרלאַמענט.

דאָס דערשיינען פון קעניג אין פּאַרלאַמענט מיט מיליי־
טער, דאָס אַרויספאָדערן פינף דעפּוטאַטן, אויף וועלכע עס
איז געמאַכט געוואָרן אַ פּשוטער בלבול, די גאַנצע חוצפּהדי־
קע האַלטונג פון קאַרלען האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע
אויפרעגונג נישט בלויז ביי אַלע דעפּוטאַטן פון דער אָפּאָ־
זיציע, נאָר אין גאַנץ לאָנדאָן. פאַר דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ
אין אואייטהאָל האָט זיך פאַרזאַמלט אַ ריזיקער המון און
געשריגן:

—נידער מיטן קעניג! אַ טויט דעם קעניג!

דער המון איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט, אַז די קעניג־
לעכע היטער האָבן מורא געהאַט אים פונאַנדערצוטרייבן. די
קעניגין האָט פאַר שרעק געחלשט און קאַרל אַליין איז גע־
ווען זיכער, אַז די מאַסע וועט זיך אַריינרייסן אין פּאַלאַץ
און אים לינטשן. דער המון האָט זיך אָבער באַגנוגנט מיט
דער בלויזער דעמאָנסטראַציע און איז זיך רואיק פונאַנדער־
געגאַנגען. קאַרל האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע אויסגע־
שרייען, דער דאָזיקער פאָלקס־אויפברויז וועלן אים קיין גוטס
נישט ברענגען. באַלד צומאָרגנס איז ער אַוועקגעפאָרן מיט זיין

משפּחה פון לאַנדאָן קיין אָקספּאָרד. כּדי צו זיין זיכער מיט די קעניגלעכע הערבן און קרוינעו, איז די קעניגין דערמיט אוועקגעפאָרן קיין האָלאַנד.

זעענדיק, אַז דער טראָן איז איז געפאַר, האָט קאַרל געשיקט פון אָקספאָרד אַ דערקלערונג, אַז ער שטעלט אָפּ די אויספאָרשונג קעגן די פינף באַשולדיקטע דעפּוטאַטן, אָבער איצט האָט אים שוין גאָרנישט געהאָלפן. קיינער האָט שוין דעם קעניג נישט געגלויבט. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך מער נישט געלאָזט פאַרפירן פון קאַרל דעם 1־טן, וועלכער האָט אַזוי פיל מאָל אָפּגענאַרט. די אָפּאָזיציע און צוזאַמען מיט איר די גרעסטע טייל פון פאָלק האָבן דערקלערט דעם קעניג אַ קאַמף, אַ קאַמף אָן אומבאַרחמנותדיקן, אַ ריקזיכטלאָזן.

דעם 22־טן אויגוסט 1642 האָט קאַרל צונויפגענומען זיינע טרייגעבליבענע סאָלדאַטן און פאַרלייגט זיין מיליטערישן לאַגער אין נאָטינגהאַם, גרייטנדיק זיך צו אַן אָפענעם קאַמף מיטן פּאַרלאַמענט. אָבער דער פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט אונטער זיך געהאַט דאָס פאָלק, האָט אויך נישט געשלאָפן, אָרגאַניזירנדיק פּריוואַטע מיליטערישע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע ס'האָבן אויך אָנגעפירט דעפּוטאַטן פון דער רעפּובליקאַנישער אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע אין ענגלאַנד, דער לאַנגדויערנדיקער קאַמף קעגן דער דעספּאָטישער הערשאַפט פון קאַרל דעם 1־טן.

און אין דעם דאָזיקן שווערן קאַמף האָט אָנגעהויבן צו נעמען דאָס וואָרט דער ביז איצט שוויַיגנדיקער אָליווער קראָמוועל.

אין פּאַרלאַמענט־זאַל האָט געראַוישט, ווי אין אַ בינ־שטאָק. די דעפּוטאַטן האָבן זיך איינער דעם אַנדערן דער־ציילט דאָס נייעס: דער קעניג איז אַנטלאָפן קיין אָקספאָרד און גרייט צו מיליטעיר, כּדי צו קעמפן מיטן פּאַרלאַמענט!

— דער דאָזיקער פּחדן האָט מורא געהאַט צו בלייבן אין לאָנדאָן! — האָט אויסגערופן העמפּדען, וועלכער איז נישט לאַנג באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה.

— ער וויל מלחמה — איז מלחמה! — האָט דער־קלערט פּים, דער פירער פון דער אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי— דאָס פאָלק איז מיט אונז, מיר וועלן זיך קאָנען פּאַרטיידיקן.

צו דעם געשפּרעך האָט זיך צוגעהערט אַ דעפּוטאַט אין אַ שוואַרצן, שטייף צוגעקנעפּלטן סורדוט און ווייסן קראַגן, מיט אַן ערנסט, ענערגיש געזיכט און קלוגע, דורכדרינג־לעכע אויגן. ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, צוהערנדיק זיך צו די שמועסן פון די דעפּוטאַטן. פּלוצלינג האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך גיב די ערשטע 500 פונט שטערלינג אויף צו אָרגאַניזירן פרייוויליקע מיליטער - אָפּטיילונגען. מ'טאָר נישט וואַרטן. ווער ס'וועט מאַכן דער ערשטער דעם אָנ־פאַל — וועט אַרויס זיגרייך פון דעם קאַמף. מיר מוזן דע־ריבער אָנפאַלן די ערשטע, דאָס וועט אָפּשרעקן דעם קעניג.

— זייער אַ ריכטיקע באַמערקונג, הער דעפּוטאַט, — האָט פּים געזאָגט, — ווי איך זע, הער קראָמוועל, ווייזט איר אַרויס נישקשהדיקע מיליטערישע ידיעות. צי האָט איר אַמאָל געדינט אין דער אַרמיי?

קראָמוועל האָט אַ לייכטן שמייכל געטון און גע־ענטפערט:

— איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געהאַלטן קיין ביקס אין דער האַנט... מיין באַמערקונג האָב איך געמאַכט, שטיצנדיק זיך אויפן פּשוטן, מענטשלעכן שכל.

— אַליווער קראָמוועל איז אַ גלענצנדער פּערמער, — האָט דערקלערט העמפּדען, וועלכער איז געווען קראָמוועלס אַ נאָנטער קרוב, — איך צווייפל שטאַרק, צי דו, מיין ליבער אַליווער, וועסט אויך קאָנען זיין אַ גוטער מיליטערישער אָנפירער, הגם דו ווייזט אַרויס אַזאַ בקיאות אין מיליטערישע סטראַטעגיע. זעסטו, דיין געלט וועט צונויפקומען, דערפאַר דאַרף דיר דאַנקען דאָס גאַנצע פּאָלק, ווייל דו ווייזט אַ שיינעם ביישפּיל, אָבער צי ביזטו אַליין אויך גרייט צו שטעלן זיך בראש פון אַן אָפּטיילונג!

— איך ווייס נאָך נישט. איך דאַרף נאָך וועגן דעם אַ טראַכט טון, — האָט קראָמוועל געענטפערט מיט אַ רויִקער שטים, — איך פאָר היינט אַהיים קיין עדינגטאָן, אין דריי טעג אַרום קום איך צוריק. ס'קאָן זיין, אַז אַ פּערמער זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גענעראַל... — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

אַלע האָבן גערעדט וועגן די 500 פונט, וועלכע דער „שטילער קראָמוועל" האָט געשאַנקען פאַר דער פּריוואַטער אַרמיי, וואָס דער פּאַרלאַמענט גרייט זיך צו אָרגאַניזירן. קיינעם איז אָבער נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טון, איבערצוגעבן קראָמוועלן די אָנפירונג איבער איינע פון די ניי־געשאַפענע אָפּטיילונגען. אַט דעם דאָזיקן פּוריטאַנער, דעם רייכן פּערמער, וועלכער לעבט זיך רואיק און שטיל אויפן דאָרף צוזאַמען מיט זיין פרוי און אַכט קינדער? דאָס וואָלט אַרויסגערופן בלויז אַ שמייכל.

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען קראָמוועל

אין פאַרלאַמענט און די דעפּוטאַטן האָבן אים פּשוט נישט דערקענט. דער שטענדיקער רואיקער פערמער האָט גערעדט מיט היץ וועגן קאַמף מיטן קעניג און דערקלערט פאַר אַ גרופּע דעפּוטאַטן, אַז ער האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערבירן אין דער אומגעגנט פון קעמברידזש סאָלדאַטן פאַר די פּריוויליקע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע ער אַליין האָט בדעה אָנצופירן.

— איר, מיסטער קראָמוועל? — האָבן די דעפּוטאַטן אויסגעגלאָצט אויף אים זייערע אויגן, — צי שפּאַסט איר נישט אַמאָל?

— מיינע הערן, די לאַגע איז איצט אַזאַ ערנסטע, אַז קיינער פון אונז טאָר נישט שפּאַסן. איך ווערביר סאָלדאַטן אין מיין וואַל־קרייז — אַזוי איז עס! און כּדי איך זאָל זיך פולשטענדיק קאָנען פאַרלאָזן אויף די אָפּטיילונגען, מיט וועלכע איך האָב בדעה אָנצופירן — זעלבסטפאַרשטענדלעך מיט דער הסכּמה פון פּאַרלאַמענט — קלויב איך אויס אַזעלכע מענטשן, וועלכע וועלן קאָנען מיט לייב און לעבן דינען אונזער זאַך.

— איז דען אַ חילוק, וואָס פאַר אַ מענטשן, אַבי סאָלדאַטן מיט ביקסן אין די הענט! — האָט אים פּיִם באַמערקט, — צי איז דען נישט יעדער איינער גרייט צו קעמפן מיטן קעניג?

— אָ, דער חילוק איז אַ גרויסער און פון דעם דאָזיקן אויסוואַל איז שטענדיק אָפּהענגיק דער אויסגאַנג פון קאַמף — האָט קראָמוועל דערקלערט מיט אַ זיכערער שטים,—די מענטשן, וועלכע איך ווערביר צום קאַמף מיטן קעניג, גיבן זיך אָפּ אַ געוויסן דין־וחשבון וועגן דער הייליקייט פון דער דאָזיקער אויפגאַבע און זיי זענען גרייט

מיט אַ תּפילה אויף די ליפּן צו שטאַרבן פאַר אונזער זאַך.

די דזשיקע באַמערקונגען האָבן קראָמוועלן געמאַכט אַ נאָמען. ער איז באַלד געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון דער אינדעפּענדעטן־פּאַרטיי און נאָך פּימס טויט אין יאָר 1643 איז קראָמוועל געוואָרן דער ראש פון דער דזשיקער פּאַרטיי, דער אויטאָריטעט פון דעם גאַנצן פּאַר־לאַמענט.

אָליווער קראָמוועל האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיין גיט, אָן זיינע געשעפטן אויפן דאָרף און האָט זיך מיט דער גאַנצער נשמה איבערגעגעבן דעם קאַמף מיטן קעניג. ער האָט אָרגאַניזירט במשך פון אַ קורצער צייט אַ גלענצנ־דיקע אָפּטיילונג פון קאַוואַלעריע, אָפּגעבנדיק זיך אַ דין־וחשבון, אַז די רייטער וועלן שפּילן אַ זייער וויכטיקע ראָל אין דעם בירגער־קריג. די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך גע־פונען אונטער זיין אָנפירונג פלעגן טראָגן אין רוקזאַק די ביבל, בעת די קאַמפן פלעגן זיי זינגען קאַפּיטלעך תהילים און זיין דורכגענומען מיט אַזאַ מיסטיש־רעליגיעז געפיל, ווי די אַמאָליקע יידישע קנאים. קיינער פון זיינע סאָלדאַטן האָט נישט געטרונקען און נישט געהוליעט, ווי געוויינלעך סאָלדאַטן פאַרן קאַמף.

דער פּאַרלאַמענט האָט אָרגאַניזירט אַן אַרמיי פון פופ־ציק טויזנט מאַן, אָבער די בעסטע, די מוסטערהאַפטסטע סאָלדאַטן האָבן זיך געפונען אין קראָמוועלס רייטער־אָפּטיי־לונגען. די סאָלדאַטן פון דעם קעניגס אַרמעע פלעגן שרעק־לעך מורא האָבן פאַר קראָמוועלס רייטער, וועלכע פלעגן זיך לאָזן אין קאַמף מיט זינגענדיקע קאַפּיטלעך תהילים. ממש אַ מיסטישע שרעק האָבן די דזשיקע פּוריטאַנישע סאָלדאַטן אָנגעוואָרפן אויף דער קעניגלעכער אַרמיי. און

וואָלט די גאַנצע אַרמיי, וואָס דער פּאַרלאַמענט האָט אַרויס־געשטעלט, פאַרמאָגט אַזעלכע סאָלדאַטן, ווי קראָמוועלס, און אַזעלכע אָנפירער, ווי קראָמוועל אַליין, וואָלט קאַרל דער 1־טער לייכט באַזיגט געוואָרן. אָבער סיי די סאָלדאַטן און סיי די אָנפירער האָבן נישט געקעמפט מיט דעם דאָזיקן ענטוזיאַזם, ווי קראָמוועל און זיינע אייגענע אָפּטיילונגען.

בעת די ערשטע צוזאַמענשטויסן צווישן ביידע אַר־מייען זענען די כּוחות געווען גלייכע, ביידע צדדים האָבן דעריבער געזוכט הילף אין דרויסן. דער קעניג האָט זיך גענומען צו הילף די אירלענדער און דער פּאַרלאַמענט האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט שאָטלאַנד, וועלכע האָט גע־שיקט צו הילף עטלעכע פון אירע פּולקן. דאַן האָט קראָמ־וועל מיט כּעס דערקלערט:

—צו וואָס זענען איצט נויטיק פרעמדע סאָלדאַטן? גלויבן און ענטוזיאַזם זענען אונז נויטיק און טיפער האַס צום קעניג! מיט דעם אַלעם וועלן מיר זיגן אָן פרעמדער הילף.

דער הויפּט־אָנפירער פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרמיי איז דער גענעראַל מאַנטשעסטער. קראָמוועל איז שטאַרק נישט צופרידן געווען פון דעם דאָזיקן גענעראַלס סטראַטעגישע פּלענער און פון זיין שוואַכן פירן דעם קאַמף.

— איך בין אים חושד, — האָט זיך קראָמוועל אויס־געדריקט פאַר די דעפּוטאַטן, — אַז דער דאָזיקער מענטש פירט בכּיוון דעם קאַמף אַזוי אַפּאַטיש, ווייל ער האָט נאָך בדעה שלום צו מאַכן מיטן קעניג, אָבער אין אונזער קאַמף טאָר נישט און קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן שלום מיט דעם דאָזיקן דעספּאָט. מיר מוזן אים באַזיגן פאַר יעדן פּרייז!

דער דאַזיקער חשד האָט געהאַט אַ גרונד. דער גענע־ראַל מאַנטשעסטער איז געווען אַ גראַף און האָט געהערט צו דער אַדל־פּאַרטיי פֿון די פּרעזביטעריאַנער, וועלכע האָבן טיף אין הארצן געוואָלט, אַז די מאָנארכיע זאָל ווייטער עקזיסטירן און האָבן געזוכט אַ וועג צו שליסן שלום מיט דעם קעניג. זיי איז געגאַנגען בלויז דעם קעניג אַנצולערנען, אָבער נישט אים צו באַזיגן און אַ תּל צו מאַכן פֿון טראָן, ווי דאָס האָבן געפֿאָדערט די אינדעפּענדענטן מיט קראָמוועלן און דעם דיכטער דזשאָק מילטאָן בראָש.

איינמאָל, זייענדיק אויפֿן קריגס־פּלאַץ, האָט קראָמוועל זיך געווענדעט צו מאַנטשעסטערן אָנצוהייבן אַן אַטאַקע אויפֿן קעניגלעכן מיליטער, וואָס איז מיד און נישט אויס־געשלאָפֿן פֿון עטלעכע טעג מאַרשירן.

— אונזער פּלוצלינגע אַטאַקע וואָלט זיך איצטער זי־כער איינגעגעבן הער גענעראַל, — האָט קראָמוועל דער־קלערט.

— איך וואָלט אייך קודם־כּל געבעטן מיך נישט צו לערנען, — האָט מאַנטשעסטער שאַרף געענטפֿערט, — איינגנטלעך, וואָס גייט עס אייך אַזוי אין לעבן צוצוקלאַפּן די גאַנצע קעניגלעכע אַרמיי? מיר וועלן דאָך סוף־כּל־סוף שליסן שלום מיטן קעניג... — האָט דער גראַף צוגעגעבן.

— ענגלאַנד וועט פֿריער אומקומען, איידער דאָס וועט געשען, — האָט קראָמוועל אויסגערופֿן אַן אויפֿגערעג־טער, — און אַזוי ווי איך וויל נישט, אַז ענגלאַנד זאָל אומקומען וועל איך אויך נישט וועלן, אַז מ'זאָל שליסן שלום מיט קאַרל דעם 1־טן! דאָס וועט נישט געשען, הער גענעראַל! — האָט קראָמוועל אַ זאָג געטון מיט אַ וואָרנ־דיקן טאָן און איז שנעל אַוועק צו זיינע אָפּטיילונגען.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז פאַרגעקומען אַן אויס־ערגעוויינלעכע זיצונג פון פאַרלאַמענט, אויף וועלכער עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די לאַגע אויפן שלאַכט־פעלד. די דעפוטאַטן פון דער אינדעפענדענטן־פאַרטיי האָבן זיך שטאַרק געקלאָגט, פאַרוואָס דער קאַמף ציט זיך אַזוי לאַנג און אַן שום האָפנונג אויף אַ וועלכן ס'איז נישט נצחון. דזשאָן מילטאָן און העמפּדען האָבן געפרעגט:

— צי האָבן מיר בדעה צו פירן די דאָזיקע מלחמה אין דער אייביקייט אַריין? צי זאָגן מיר זיך אָפּ פון פאַרניכטן אַנטגילטיק דעם טראָן? צי האָבן מיר בדעה צוריק צו קניען פאַר דעם דעספּאָט קאַרל? פאַרוואָס שווייגט אונזער אַרמיי־פירער? פאַרוואָס שווייגט דער פאַרלאַמענט? פאַרוואָס זאָגט ער נישט זיין וואָרט? מיר וואָרענען אייך, מיר וואָרענען דאָס גאַנצע ענגלישע פאָלק — שרעקלעך וועט זיין, ווען קאַרל וועט צוריקקומען קיין לאָנדאָן! ער וועט לכתחילה האַנדלען גוט, אָבער באַלד דערנאָך וועט ער אויסהענגען אונזערע אָפּגעהאַקטע קעפּ איבער די לאָנדאָנער גאַסן! מיר טאָרן דעריבער צו דעם נישט דערלאָזן!

ס'האָט זיך דערהערט אַ שווערע, ערנסטע באַסאָווע שטים:

— איך בעט אַ וואָרט!

— אַט גייט רעדן איינער פון אונזערע מיליטערישע פירער, — האָבן זיך געהערט שטימען, — זאָל קראָמוועל זיך פאַרטיידיקן, זאָל ער דערציילן פאַרוואָס אונזער אַרמיי פירט אַזוי אָפּאַטיש דעם קאַמף?

קראָמוועל איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער רעדנער־טריבונע. זיין געזיכט איז געווען ערנסט און שטרענג און זיינע אויגן האָבן דורכדרינגלעך באַטראַכט די פאַרזאַמלטע

דעפּוטאַטן. אַלע האָבן זיך אויפמערקזאַם געגומען צוהערן צו זיינע רייד.

— איך האָב באַאַרבעט די ערד, איך בין געזעסן אויפן דאָרף און פרידלעך געלעבט מיט מיין משפחה. ווען דער דער קעניג האָט דערקלערט קריג דעם פאָלק, האָט מיך קיינער נישט גערופן אַנטייל צו נעמען אין דעם דאַזיקן קאַמף. איך בין אַליין געקומען און געזאָגט צו מיר: דו, אַליוועך, געהערסט היינט מער נישט צו דיין ערד, צו דיין פרוי און קינדער, צו דיין היים — דו געהערסט היינט צו דעם גאַנצן ענגלישן פאָלק, וואָס וויל זיך באַפרייען פון קעניגלעכן יאָך, וואָס וויל פאַרניכטן דעם טראָן און אַליין ווערן דער דעה־זאָגער איבער זיין גורל און איבער זיין לאַנד. און אַז איך האָב אַזוי געזאָגט צו זיך, האָב איך מפקיר געווען מיין לעבן אויפן מזבח פון דער פרייהייט פון פאָלק און בין אַוועק אויפן קאַמפּס־פעלד מיט דעם שטאַרקן און אומבאַזיגבאַרן ווילן צו פאַרניכטן און פולשטענדיק צו צעשמעטערן דעם מענטש, וואָס הייסט קאַרל דער 1־טער און דעם טראָן, אויף וועלכן ער זיצט.

— דאָס איז אונזער אַלעמענס ווילן, מיר קעמפן דאָך דערפאַר! — האָבן זיך געהערט שטימען.

— יאָ, אמת, אַ סך פון אונז שטעלן זיך נישט פאָר קיין אַנדער אויסגאַנג פון קאַמף, ווי אַ פולשטענדיקע פאַרניכ־טונג פון טראָן און דעם קעניג, אָבער אונזער גענעראַל־אָנ־פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי שטעלט זיך אָנ־דערש פאָר דעם אויסגאַנג פון אונזער שווערן און קרבנות־פולן קאַמף, ער, דער גראַף מאַנטשעסטער, שטעלט זיך פאָר אַ שלום מיטן דעספּאָט און דערפאַר, מיינע הערן, וויל ער נישט פאַרשאַרפן דעם קאַמף, שלעפּט ער אָפּ יעדן אָנגריף.

ווען איך האב אים פארגעלייגט אין א גינסטיקן מאמענט אנצוהויבן אן אטאקע, האט ער מיין פארשלאג אפגע־ווארפן, ווייל ער האט מורא, ווייל ער, דער אדלמאן, דער גראף, האפט נאך צו קניען אונטערטעניק פאר קארל דעם 1־טן! מיינע הערן, איך האב געזען, אז אויב איך וועל איצט נישט רעדן און אויפרעקן פאר אייך די וואונד, וואס פרעסט דעם קערפער פון אונזער ארמיי, וועל איך שוין מוזן שטילבלייבן אויף אייביק. די דאזיקע וואונד מוז תיכף אויסגעהיילט ווערן, אין קעגנפאל וועלן די צוקונפ־טיקע דורות אונז פארשעלטן פאר אונזער פחדנות!

די דאזיקע רעדע האט אויף אלע דעפוטאטן געמאכט זייער א שטארקן איינדרוק. מ'האט געפאדערט אויפקלערונ־גען ביי מאנטשעסטערן. מאנטשעסטער איז אנגעפאלן אויף קראמוועלן און אים באשולדיקט, אז ער מיינט נישט די טובה פון פאלק, נאר זיין אייגענער טובה, ווייל קראמוועל וויל ווערן הויפט־אנפירער פון דער ארמיי... מאנטשעס־טערס באשולדיקונגען האבן קיינעם נישט איבערצייגט און די מערהייט פון פארלאמענט האט באשלאסן מאנטשעסטערן צו באזייטיקן פון מיליטער און אויף זיין ארט איז בא־שטימט געווארן דער גענעראל פערפעקס. די דעפוטאטן האבן אינסטינקטיוו מורא געהאט איבערצוגעבן די גאנצע ארמיי־אנפירונג אין די הענט פון דעם ענערגישן און ערנסטן קראמוועל, ווי זיי וואלטן פארגעפילט דעם ווייטערדיקן פארלויף פון די געשעענישן. קראמוועל האט אפילו באקו־מען פון פארלאמענט דעם טיטול גענעראל, אבער די הויפט־אנפירונג פון דער ארמיי האט באקומען פערפעקס.

די פאקטישע לאגע האט זיך אבער נישט געענדערט. קראמוועל איז שוין פון לאנג געווארן דער ליבלינג פון די

סאָלדאַטן און אָפיצירן אַזוי, אַז פּאַקטיש איז ער געווען דער ראש פון דער גאַנצער אַרמיי און דער אָנפירער פון אַלע וויכטיקסטע שלאַכטן. פּערפעקס האָט געפּאָלגט קראָמוועלס אַלע עצות און גאָרנישט געטון אָן קראָמוועלס הסכמה. פון איצט אָן האָט זיך די גאַנצע אַרמיי פּאַקטיש געפונען אין קראָמוועלס הענט, יעדער סאָלדאַט און יעדער אָפיציר האָט אים פאַרגעטערן און איז גרייט געווען אויף זיינס אַ וואונק בלויז — צו קעמפן ביז צום לעצטן אָטעמצוג; צו וואַרפן זיך אין פייער פון דער שלאַכט.

און ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די דעצידירנדיקע שלאַכט ביי נעסבי האָט קראָמוועל איבערגענומען די ליטונג איבער דער גאַנצער אַרמיי. פאַר דער שלאַכט האָט ער געהאַלטן אַ רעדע פאַר די סאָלדאַטן און אָפיצירן, זאָגנדיק: „יעדער איינער פון אייך דאַרף געדענקען, אַז ער קעמפט פאַר זיין אייגן לעבן, ווייל אויב מיר וועלן נישט באַזיגן דעם קעניג, וועט ער אונז אַלעמען אומברענגען, אונז און אונזערע ווייבער און קינדער. וועלן מיר זיגן, וועט די גאַנצע וועלט באַוואונדערן אונזער העלדישקייט״!

דעם קעניגס אַרמיי איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון אירלענדער, וועלכע זענען, אַלס קאַטאָליקן, גרייט געווען אויסצושעכטן אַלע פּראָטעסטאַנטישע ענגלענדער. קאַרל האָט דאָס אויסגענוצט און געוואָרפן די אירלענדישע פולקן אויף דער אַרמיי פון פּאַרלאַמענט. קיין פעיקע גענעראַלן האָט אָבער דער קעניג נישט פאַרמאָגט און ער האָט געפירט דעם קאַמף אָן שום סטראַטעגישע אויסרעכענונגען. קראָמוועל האָט וועגן דעם אַלעם געוואוסט און האָט דעריבער באַשלאָסן אויף אַ קונציקן אופן אַרומצורינגלען דעם קעניגס מיליטער.

די רעצידירנדיקע שלאַכט, ביי נעסבי האָט זיך אָנ־געהויבן דעם 14־טן יוני 1646 פיר אַ זייגער פאַרטאָג און שוין פאַרנאַכט צו איז דער קעניג געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן מיט די צעקלאַפּטע רעשטלעך פון זיין אַרמיי. קראָמוועל האָט מיט זיין חיל אַרומגערינגלט דאָס קעניגלעכע מיליטער, גענומען אין געפאַנגענשאַפט איבער פינף טויזנט סאָלדאַטן און די גאַנצע אַרטילעריע פון דער קעניגלעכער אַרמיי. קאַרל, דערוויסנדיק זיך פון זיינע גענעראַלן וועגן דער שרעקלעכער מפּלה, וואָס קראָמוועל האָט אים צוגע־גרייט, איז אַנטלאָפן מיט זיינע איבערגעבליבענע רייטער.
קראָמוועל האָט אים נאָכגעיאָגט ביז אָקספאָרד און באַלאַ־גערט די איצטיקע קעניגלעכע רעזידענץ. קאַרל, זעענדיק, אַז ער קאָן לייכט אַריינפאַלן אין די הענט פון קראָמוועלן און, זייענדיק זיכער, אַז דער געוועזענער פערמער וועט זיך מיטן קעניג נישט שפּילן אין קיין צערעמאָניעס — האָט ער זיך איבערגעטון אין קליידער פון אַ הויף־שפּילער און זיך דורכגעגנבעט דורכן באַלאַגערטן אָקספאָרד. אַ געוויסע צייט האָט דער קעניג פון ענגלאַנד זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער אומגעגנט פון לאָנדאָן, געזוכט, געפּאָרשט די לאַגע, אפשר וועט זיך פאָרט איינגעבן צוריק צו פאַרכאַפּן די מאַכט. ער האָט זיך אָבער איבערצייגט, אַז דאָס אַרומ־שלעפּן זיך איבערגעטוענערהייט אין די דערפער אַרום לאָנדאָן וועט קיין שום תכלית נישט ברענגען און, אַז מען קאָן אים דערקענען און משלח זיין אויפן עשאַפאָט. דעריבער האָט ער געזוכט אַ וועג צו ראַטעווען זיין לעבן.
דעם 15־טן מאַי 1646 האָט זיך אין לאַגער פון שאָט־לענדישן מיליטער באַוויזן עפּעס אַן אומבאַקאַנטער מאַן, וועלכער איז געווען פאַרשטויבט און פאַרבלאָטיקט פון קאָפּ

ביז צו די פיס. דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער האָט געפּאָ־דערט, מ'זאָל אים מעלדן צום גענעראַל. אויף אַלע פראַגן וואָס פאַר אַ געשעפטן ער האָט צום גענעראַל, האָט דער אומבאַקאַנטער נישט געוואָלט געבן קיין שום דערקלערונגען. נאָך לאַנגע אַמפּערנישן איז דעם אומבאַקאַנטן מאַן גע־לונגען צוצוקומען צו דעם אָרט, וואו ס'האָט זיך געפונען דער שאָטלענדישער גענעראַל ליוון אַרומגערינגלט מיט זיי־נע אָפיצירן.

— וואָס דאַרפט איר צו מיר און ווער זענט איר? — האָט דער גענעראַל אַ פרעג געטון דעם אומבאַקאַנטן, באַ־טראַכטנדיק אים פון קאָפּ ביז צו די פיס.

דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו רעדן אין דער אַנ־וועזנהייט פון די אָפיצירן. פּלוצלינג איז איין אָפיציר אויפ־געשפרונגען פון אָרט און אַ געשריי געטון:

— דאָס איז דאָך דער ענגלישער קעניג, זיין מאַיע־סטעט קאַרל דער 1־טער!

— יאָ, איך בין עס טאַקע! — האָט קאַרל דערקלערט מיט אַ געבראָכענער שטים, — איך בין געקומען צו איי־נאָך שוץ, איך גלויב, אַז איר וועט מיך נישט אַרויסגעבן אין די הענט פון די פאַרהאַסטע אינדעפּענדענטן.

— מיר קאָנען אייך גאָרנישט צוזאָגן, מאַיעסטעט, — האָט געענטפערט דער גענעראַל, — אַזוי לאַנג, ווי איר געפינט זיך ביי אונז אין לאַגער וועט איר האָבן שוץ פון אונזערע סאָלדאַטן, אָבער וואָס עס וועט ווייטער זיין, קאָן איך אייך נישט זאָגן.

די שאָטלענדער האָבן דעם קעניג טאַקע געגעבן שוץ, אָבער זיי האָבן אים געהיטן אויף טריט און שריט. אַ וואָך

פון באוואפנטע סאָלדאטן האָבן אים אומעטום באַגלייט. קארל האָט זיך אַרומגעזען, אַז אַנשטאָט שוץ, האָלט מען אים דאָ, ווי אַ געפאַנגענעם, אַז אַנשטאָט זיך צו ראַטעווען, איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין אַ שטייג. אַנטלויפן איז געווען אוממעגלעך. ס'איז קלאָר געווען: דער קעניג איז געווען אַ געפאַנגענער! ער האָט געגלויבט, אַז די שאָטלענדער וועלן דורך־אַרויס האָבן פאַר זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט און אים געבן שוץ, אָבער ער האָט זיך ביטער אַנטוישט. די שאָט־לענדישע גענעראַלן האָבן באַשלאָסן ביי דער דאָזיקער גע־לעגנהייט אָפּצולעקן אַ פעטביינדל.

אין לאָנדאָנער פּאַרלאַמענט איז אָנגעקומען אַ קוריער פון עדינבורג, די הויפּט־שטאָט פון שאָטלאַנד, און אָנגע־זאָגט די גוטע בשורה, אַז קאַרל דער 1־טער געפינט זיך אין די הענט פון שאָטלענדישן מיליטער, דאַן האָט קראָמוועל דערקלערט:

— איך גלויב, אַז איר וועט אים תּיכּף איבערגעבן אין אונזערע הענט.

— דאָס האָבן מיר טאַקע בדעה צו טון, האָט געענט־פערט דער שליח, — אָבער אונזערע סאָלדאַטן קומט געלט פאַרן שלאָגן זיך, מיר ווילן אויך עפּעס געניסן פון דעם דאָזיקן קאַמף. איר באַקומט אין אייערע הענט אַזאַ טראָ־פעע, ווי דעם קעניג אַליין און וואָס באַקומען מיר?

— זאָגט וויפל ווילט איר אויסקויף־געלט, — האָט קראָמוועל שאַרף אַ זאָג געטון, — אייגנטלעך גייט דאָך איך בלויז אין באַקומען פאַר דער קעניגלעכער מציאה אַ גרעסערע סומע געלט. זאָגט דעם פּרייז!

— הונדערט טויזנט פונט!

דער פּאַרלאַמענט האָט געגעבן זיין הסכּמה אויף דעם

ראזיקן פרייז. די שאטלענדער האבן באקומען אויסגעצאלט הונדערט טויזנט פונט. דעם 30־טן יאנואר, 1647 איז א באטאליאן שאטלענדישע סאלדאטן אנגעקומען קיין לאנ־דאן, פירנדיק מיט זיך דעם געפאנגענעם קעניג. קארל איז געגאנגען מיט אן אראפגעלאזטן קאפ און האט כסדר גע־שוויגן. קראמוועל איז צו אים צוגעגאנגען, ארויפגעלייגט זיין האנט אויפן קעניגס אקסל און א זאג געטון מיט אן איראנישער שטים:

— צי דער קעניג פון ענגלאנד האט עפעס צו מעלדן זיין אונטערטאן, דעם עדינגטאנער פערמער, אליווער קראמוועל?

— יא, אז איצט איז ער אליווער קראמוועלס אונטער־טאן און, אז אליווער קראמוועל קאן מיט אים טון, וואס ער וויל, — האט קארל א זאג געטון.

קראמוועל האט א לייכטן שמייכל געטון און גע־ענטפערט:

— ווי איך זע, ווייסט דער קעניג פון ענגלאנד זייער גוט, אין וואס פאר א לאגע ער געפינט זיך...

דער פארלאמענט האט אנגענומען א באשלוס, אז מען זאל דעם קעניג אינטערנירן. קארל דער 1־טער איז איבער־געפירט געווארן אין דער פעסטונג העלמבי, וואו ער איז איינגעזעצט געווארן אין א פייכטע, פינצטערע קאמער.

## IV

דער קאמף איז געווען געענדיקט. דער טראן איז גע־לעגן צעשמעטערט, דער קעניג איז געזעסן אין תפיסה. דער פארלאמענט האט אנגעהויבן צו טראכטן וועגן דער ניי־

געשאַפּענער לאַגע. וואָס טוט מען איצט? די גאַנצע מאַכט געפינט זיך איצט ביים פּאַרלאַמענט, דער בירגער־קריג איז געענדיקט, טאָ צו וואָס דאַרף מען ווייטער אויסהאַלטן אַזאַ גרויסע, פּריווילעגירטע אַרמיי? ווער ווייסט, די דאָזיקע אַרמיי קאָן זיך נאָך אַמאָל שטעלן קעגן פּאַרלאַמענט! די מערהייט פון פּאַרלאַמענט, וועלכע איז באַשטאַנען פון רייכע פּרעז־ביטעריאַנער, האָבן דעריבער ווייטער נישט געוואָלט אויפ־האַלטן די אַרמיי קודם־כל צוליב דער גרויסער צאָל אינדע־פּענדענטן, וועלכע זענען דאָרט געווען פאַרטראָטן. פאַקטיש איז די גאַנצע אַרמיי געווען באַהערשט פון די אינדעפּענ־דענטן און די צאָל אָנהענגער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די גרויסע מערהייט פון פאָלק האָט זיך איצט געקאָנט איבערצייגן, אַז די אינדע־פּענדענטן זענען געווען די איינציקע, וועלכע האָבן אויפ־ריכטיק צוגעהאָלפן צום זיג פון די מאַסן און צו דער מפּלה פון קעניג. די רייכע פּרעזביטעריאַנער האָבן אין דעם כּסדרדיקן דערפאָלג פון די אינדעפּענדענטן געזען אַ גע־פאַר פאַר זייערע אינטערעסן. זאָלן נאָר די אינדעפּענדענטן נישט האָבן אין זייער רשות אַזאַ מאַכט, ווי די אַרמיי, וועלן זיך די פּרעזביטעריאַנער שוין מיט זיי אַן עצה געבן...

אין פּאַרלאַמענט האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן ביידע פּאַרטייען. די פּרעזביטעריאַנער האָבן דורכאויס גע־פאָדערט, אַז די אַרמיי זאָל פונאַנדערגעלאָזט ווערן, מען זאָל נאָר בלויז איבערלאָזן אַ קליינע טייל אויף צו דער־האַלטן די אינערלעכע רו אין לאַנד. די אינדעפּענדענטן האָבן אָבער פאַרביטערט געקעמפט פאַר אויפהאַלטן ווײַ־טער די אַרמיי. קראָמוועל האָט אין זיין רעדע דערקלערט, אַז דער פּאַרלאַמענט וואָלט זיך פונאַנדערגעפלויגן, ווען די

אַרמיי זאָל אים נישט שיצן. אַן אויפגערעגטער האָט ער זיין רעדע פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— ווען נישט מיינע העלדישע סאָלדאַטן, וועלכע איר הייסט אַהיימגיין, וואָלט דעם קעניג אויסגעפעלט תּליניס צו שניידן אייערע קעפּ! איצט, אַז מיר האָבן פאַרגאָסן בלוט און געבּרענגט דעם פאָלק די פרייהייט, באַקומט איר מורא. מיר ווייסן אין וואָס עס גייט אייך, רייכע פּרעזביטעריאַנער, און דעריבער ווילן אונזערע סאָלדאַטן זיך נישט שיידן מיטן געווער אַפילו, ווען איר וועט אונז באַפעלן.

די פּרעזביטעריאַנער האָבן געשטורעמט, זייערע רעדנער זענען קודם־כּל אָנגעפאַלן אויף קראָמוועלן, וועלכער דערלויבט זיך אויסצודריקן, אַז ער וועט נישט פאָלגן דעם באַשלוס ווענן אַ טיילווייזן פונאַנדערלאָזן די אַרמיי. דאָס מיליטער האָט דאַן אויסגעקליבן פון זיך אַ דעלעגאַציע, צו צוויי פאַרשטייער פון יעדן פּולק, און זיך געווענדעט צום פּאַרלאַמענט אָפּצושאַפן דעם אָנגענומענעם באַשלוס.

דער קאַמף צווישן די פּרעזביטעריאַנער און די אינדעפּענדענטן האָט זיך אויך צעפלאַקערט מחוץ די ווענט פון פּאַרלאַמענט. די פּרעזביטעריאַנער האָבן זיך איצט אָפן פאַראייניקט מיט מאָנאַרכיסטן און אין עטלעכע ערטער פון לאַנד אַרויסגעטרעטן קעגן די אינדעפּענדענטן מיט געווער אין דער האַנט. קראָמוועלס אָפּטיילונגען האָבן באַלד פאַריאָגט די דאָזיקע אויפשטענדיקע און אַלע וויטערדיקע פּרואוון פון אומרוען מצד די פּרעזביטעריאַנער דערשטיקט.

ווייסנדיק, אַז די פּרעזביטעריאַנער האָבן זיך פאַראייניקט מיט די מאָנאַרכיסטן, איז קראָמוועל געווען זיכער, אַז די מערהייט פון פּאַרלאַמענט וועט באַפרייען דעם קעניג פון תּפיסה און צוריק אויפשטעלן די מאָנאַרכיע. ער האָט דע־

ריבער באַשלאָסן אַריינצוקריגן דעם קעניג אין די הענט פון מיליטער. קראָמוועל האָט פּאַראויסגעזען, אַז אויב ער וועט דעם קעניג באַצייטנס נישט אַריינקריגן אין רשות פון דער אַרמיי — וועט קאַרל דער 1־טער צוריק פאַרנעמען דעם טראָן, ווערנדיק אונטערגעשטיצט פון די פּאַררעטע־רישע פּרעזביטעריאַנער.

קראָמוועל איז געוואוינט געווען אויסצופירן זיינע באַ־שלוסן שנעל, נאָך דערצו, אַז די לאַגע איז איצט געווען זיי־ער אַן ערנסטע. קראָמוועל האָט באַפוילן איינעם פון זיינע אָפיצירן, אַ געוויסן דזשאָיס, אַז ער זאָל מיט אַן אָפּטיילונג דראַגונער אַוועקפירן דעם קעניג אין דעם הויפּט־לאַגער פון דער אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען אין ניו־מאַרקעט.

דעם 3־טן יוני, 1647 איז דזשאָיס אָנגעקומען מיט אַ גרויסע אָפּטיילונג דראַגונער צו דער פעסטונג העלמבי. די פּרעזביטעריאַנער האָבן זיך נישט געריכט אויף קראָמוועלס אייליקן שריט און האָבן די פעסטונג נישט באַשיצט מיט קיין איינעם פון זייערע אָנהענגער. דזשאָיס איז אַריין צום קעניג און האָט אים אַרויסגעפירט אין דרויסן.

— וואוהין פירט איר מיך? צי האָט איר אַ באַפול־מעכטיקונג פון אימיצן, — האָט דער קעניג בייז אַ פרעג געטון.

— אָט דאָ איז די באַפולמעכטיקונג, — האָט דזשאָיס אָנגעוויזן אויף דער אָפּטיילונג דראַגונער.

— איר פירט מיך אין קראָמוועלס לאַגער! — האָט קאַרל ווייטער געפרעגט. — וואָס האָט איר דאָרטן בדעה מיט מיר צו טון?

—דאָס וועט באַשטימען אַליווער קראָמוועל! — איז געווען דער שאַרפער ענטפער.

ווען דער קעניג האָט זיך שוין געפונען אין לאַגער פון ניו־מאַרקעט איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן די פּרעזביטעריאַנער און אינדעפּענדענטן. די אינ־דעפּענדענטן און די אַרמיי האָבן שטרענג געפאָדערט פון פּאַרלאַמענט אָפּצושאַפן צוריק דעם באַשלוס וועגן פונאַנ־דערלאָזן די אַרמיי. די פּרעזביטעריאַנער זענען אָבער ווײַ־טער געווען איינגעשפּאַרט און האָבן אַפילו אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע באַנדע, וועלכע האָט זיך אַרײַנגעריסן אין פּאַר־לאַמענט און גענומען שלאָגן און זידלען די דעפּוטאַטן פון דער אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי. קראָמוועל האָט געזען, אַז קיין אַנדער מיטל, ווי רויע קראַפט, האָט ער נישט אַנצו־ווענדן קעגן דעם ווידערשפּעניקן פּאַרלאַמענט. די אַרמיי האָט זיך געלאָזט מאַרשירן אויף לאָנדאָן. די פּרעזביטער־יאַנער האָבן כּמעט קיין שום פּאַרטייִדיקונגס־קראַפט נישט פּאַרמאָגט און זיך נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן אַ גוט אויסגעשולטער אַרמיי, וועלכע האָט עטלעכע יאָר בּסדר פּאַרבּרענגט אויפן פעלד.

דעם 6־טן אויגוסט 1647 איז קראָמוועל אַרײַן קיין לאָנדאָן אַן שפּיץ פון אַ גרויסע מחנה מיליטער. דאָס האָט געהאָלפן. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך מאָמענטאַל אונטער־געגעבן און צוריקגעצויגן זײַן באַשלוס. עלף פּרעזביטעריאַ־נער, וועלכע האָבן געהאַלטן שאַרפע רעדעס קעגן קראָמ־וועלן, האָבן פאַרשטאַנען, אַז כּדי צו זײַן זיכער מיט זייער לעבן איז נויטיק תּיכּף־ומיד צו אַנטלויפן. זיי האָבן טאַקע אַזוי געטון און זענען אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך. צוויי אַנ־דערע פּרעזביטעריאַנער, פאַרביסענע קעגנער פון די אינ־דעפּענדענטן, האָט קראָמוועל באַפוילן צו אַרעסטירן. דער בעל־הבית פון דער לאַגע איז איצט געווען דער געוועזענער

פערמער פון עדינגטאָן. ער האָט איצט פאַרלייגט דעם מי־ליטערישן לאַגער אין פּעיטנע, אַ פאָרשטאָט הינטער לאָנ־דאָן, שטייענדיק אויף דער וואַך פון דער הויפּט־שטאָט, היטנדיק דעם פּאַרלאַמענט און די פּרעזביטעריאַנער. דער פּאַרלאַמענט איז איינגנטלעך איצט שוין געווען נישט מער, ווי אַ געהאָרכזאַם געווער אין קראָמוועלס הענט. דער פּאַק־טישער בעל־הבית איבערן לאַנד איז איצט געווען די אַרמיי און איר פירער, אָליווער קראָמוועל.

דער קעניג, אויסנוצנדיק דעם קאַמף צווישן פּאַרלאַ־מענט און דער אַרמיי, האָט נאָך אַלץ געוואָלט ראַטעווען זיין לאַגע. ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ וועג צו פאַר־שטענדיקן זיך מיט די אינדעפּענדענטן און האָט אַפילו גענומען לויבן קראָמוועלס גרויסקייט, צוזאָגנדיק צו זיין ערלעך לגבי דעם פאָלק, אויב מ'וועט אים נאָר צוריקגעבן דעם טראָן. אונטערן איינדרוק פון קעניגס דערקלערונגען איז אין דער אַרמיי אַנטשטאַנען אַ מיינונגס־פאַרשידענהייט. אַ טייל האָט געהאַלטן, אַז מ'זאָל צוריק איינפירן אַ מאָ־נאַרכיע, געבנדיק דעם קעניג זייער ווייניק רעכט, אַנדערע ווידער האָבן דורכאויס געפאָדערט איבערצוגעבן דעם קעניג צו אַ טריבונאַל, וואָס זאָל אים משפּטן פאַר זיינע פאַר־ברעכערישע מעשים קעגן פאָלק. סוף־כל־סוף האָט געזיגט די מיינונג איבערצוגעבן דעם קעניג אין רשות פון אַ טריבונאַל.

קראָמוועל האָט דורכאויס געוואָלט, אַז דער פּאַרלאַ־מענט זאָל אָננעמען אַ באַשלוס וועגן איבערגעבן דעם קע־ניג צו אַ משפּט, אָבער ער האָט פאָרויס געוואוסט, אַז די פּרעזביטעריאַנער וועלן בשום אופן נישט שטימען פאַר אַזאַ פאָרשלאַג. נישט לאַנג טראַכטנדיק, שטעלט קראָמוועל אַוועק

ביי די טירן פון פאַרלאַמענט אַן אפּטיילונג סאָלדאַטן, וועל
כע לאָזן נישט אַריין אין פאַרלאַמענט־געביידע די פּרעז
ביטעריאַנער דעפּוטאַטן. קראָמוועל באַגנוגנט זיך נישט בלוי
מיט דעם, ער זאָגט שטילערהייט אַז דעם פירער פון דע
אפּטיילונג, אַז ער זאָל גלייכצייטיק די דאָזיקע דעפּוטאַט
אויך אַרעסטירן. דעם 6־טן דעצעמבער, ווען די פּרעזביטער
יאַנער דעפּוטאַטן זענען געקומען אין פּאַרלאַמענט, כּדי אַנ
טייל צו נעמען אין דער זיצונג, זענען זיי ביי די טירן פאַר
האַלטן געוואָרן דורך באַוואָפנטע זעלדאַטן און אָפּגע
פירט געוואָרן אין תּפיסה. אַזוי אַרום זענען אַרעסטירט גע
וואָרן 143 דעפּוטאַטן. איבערגעבליבן זענען בלויז 30
וועלכע האָבן אַלע געהערט צו דער אינדעפּענדענטן־פּאַרטי
איצט איז שוין קראָמוועלן געווען לייכט דורכצופיר
דעם פאָרשלאָג וועגן איבערגעבן דעם קעניג צו אַ משפּט
דעם 1־טן יאַנואַר 1649 האָט דער פּאַרלאַמענט באַשלאָס
איבערצוגעבן קאַרל דעם 1־טן צו אַ טריבונאַל און האָ
גלייכצייטיק באַשטימט די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן טר
בונאַל. איינער פון די דעפּוטאַטן איז נאָך דער אַפּשטימונ
צוגעגאַנגען צו קראָמוועלן און האָט געפרעגט:
— צי וועט דאָס פאַרמשפּטן דעם קעניג נישט ברענגע
צו קיין אומרוען? די פּרעזביטעריאַנער פירן אַ שטאַרק
אַגיטאַציע צווישן די מאַסן, אפשר זאָלן מיר זיך באַמיע
אַז דער טריבונאַל זאָל דעם קעניג נישט פאַרמשפּטן צו
טויט?
— אין קאַמף טאָר מען נישט איינגיין אויף קי
פּשרות, — האָט קראָמוועל געענטפערט, — אַזוי לאַנג ו
קאַרל וועט אָטעמען, וועט איבער אונזערע קעפּ אַ ני
פּאַר. איך פאַרזיכער אייך, אַז עס וועט גאָרנישט געשע

ועז מיר וועלן אַראָפּרייסן קאַרלס קאָפּ צוזאַמען מיט דער
זרוין...
דעם 20־טן יאַנואַר 1649 האָט זיך אין ריזיקן זאַל פון
ועסטמינסטערהאַל אָנגעהויבן דער היסטאָרישער משפּט
זיבער קאַרל דעם 1־טן. דער זאַל איז געווען פול געפּאַקט
זיט אַ ריזיקן עולם, וועלכער האָט זיך נייגעריק צוגעהערט
:ו די שווערע באַשולדיקונגען, וועלכע זענען אַרויסגערוקט
עוואָרן קעגן דעם קעניג. די פאָרשטייער פון פּאַרלאַמענט,
וועלכע האָבן אין נאָמען פון פאָלק באַשולדיקט דעם קעניג,
האָבן פאָרגעלייענט די פאַרשידענע פּאַפּירן, וועלכע מ'האָט
עפונען ביי קאַרלען. פון די דאָזיקע פּאַפּירן האָט זיך
אַרויסגעוויזן, אַז אין דער צייט, ווען דער קעניג האָט צו־
עזאָגט צו שליסן מיטן פּאַרלאַמענט אַ שלום, אין דער
צייט, ווען ער האָט פאַרזיכערט צו דינען די אינטערעסן
פון פאָלק און דעם פּאַרלאַמענט, — אין דער זעלבער צייט
האָט ער זיך בשתיקה געווענדעט צו פראַנקרייך און אַנדע־
רע מלוכות, אַז זיי זאָלן אים העלפן אונטערדריקן דעם
פּאַרלאַמענט און דערשטיקן יעדע פרייהייטס־באַוועגונג אין
ענגלאַנד. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאַרל איז אפילו
גרייט געווען צו לאָזן אָקופּירן דאָס לאַנד דורך פרעמדע מי־
ליטער אבי צו פאַרניכטן אַלע קעגנערישע פּאַרטייען און
איינצוהאַלטן דעם אַמאָליקן טעראָר.
דער טריבונאַל, וועלכער איז באַשטאַנען פון 70 ריכ־
טער, האָט אָנערקענט קאַרל דעם 1־טן אַלס „טיראַן, פאַר־
רעטער, מערדער און אָפענעם שונא פון ענגלישן פאָלק"
און אים פאַרמשפּט צו קעפּן. ווען עטלעכע ריכטער האָבן
וליב רעליגיעזע טעמים זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן
דעם אורטייל, האָט קראָמוועל צו זיי געזאָגט:

— גאָט אַליין האָט שטענדיק באַפוילן צו דערהרגענע: אַזעלכע פּאָלקס־פֿאַררעטער. מיט אייער נישט אונטערשרייבּ: דעם פּסק־דין פון טריבונאַל טרעט איר ארויס קעגן רבונו של עולם, וועלכער וועט אייך די דאָזיקע זינד נישט מוחל זיין...

קראָמוועל, וועלכער איז אַליין געווען אַ שטרענגער פּוריטאַנער און האָט זיך קיינמאָל נישט צעשיידט מיט דער ביבל, וועלכער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אין טאַש. איז זיכער געווען, אַז גאָט אַליין הייסט אומברענגען דעם דעספּאָטישן קעניג.

דער עשאַפאָט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין באַל־זאַל פון קעניגלעכן פּאַלאַץ. קראָמוועל האָט זיך אַזוי אויס־געדריקט: „אין דעם זעלבן זאַל, וואו דער טיראַן האָט גע־הוליעט און געפּראַוועט בעלער אויפן חשבון פון די געל־טער פון פאָלק — אין דעם זעלבן זאַל דאַרף אויך אַראָפּ־פאַלן זיין קאָפּ". זעקס טויזנט מענטשן זענען דעם 30־טן יאַנואַר, 1649 געקומען בייוואוינען די עקזעקוציע איבער קעניג. פאַר קראָמוועלן איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע הויכע שטול, כּדי ער זאָל בעסער קאָנען זיך צו־קוקן צו דעם גרויסן היסטאָרישן אַקט.

ווען מען האָט דעם קעניג אַריינגעפירט אין עקזעקוציע זאַל, האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען:

— נעכטן האָסטו אונז געקעפּט און היינט קעפּן מיר דיך! קעניג, דו באַצאָלסט היינט מיט דיין בלוט, פאַר דעם בלוט פון די בעסטע זין פון פאָלק! שטאַרב, דו דעספּאָט!

קאַרל איז אַ שטילשווייגנדיקער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזט קאָפּ, צוגעגאַנגען צום עשאַפאָט, דער תּלין האָט אים געהייס אַנידערקניען. דער קעניג האָט אַנידערגעקניט.

— קעניג, לייג אַנידער דיין קאָפּ אויפן קלאָץ! — האָט דער תּלין שטרענג אַ זאָג געטון.

קאַרל האָט אַ רגע אַ קוק געטון אויפן תּלין, ווי ער וואָלט געפרעגט: „צי מוז איך טאַקע שטאַרבן?" און. צו־מאַכנדיק די אויגן, האָט ער רואיק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קלאָץ, וועלכער איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ שוואַרץ טוך. דאַן האָט דער תּלין אויפגעהויבן די שאַרפע האַק און זי מיט דער גאַנצער קראַפט אַראָפּגעלאָזט איבערן קעניגס האַלז. דער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אין אַ קויש, וואָס איז דערנעבן געשטאַנען. דער תּלין האָט דאַן גענומען דעם טויטן, פאַרבלוטיקטן קאָפּ, אים הויך אויפ־געהויבן, ווייזנדיק דעם פאַרזאַמלטן ריזיקן המון און אויס־גערופן:

— אָט איז דער קאָפּ פון דעם פאַררעטער, דעם שונא פון ענגלישן פאָלק, אָט איז דער קאָפּ פון קאַרל דעם 1־טן!

נאָך דער עקזעקוציע איז קראָמוועל צוגעגאַנגען צום תּלין און זיך געהייסן ווייזן דעם קעניגס טויטן קערפּער. באַטראַכטנדיק דעם קערפּער, האָט ער אַ זאָג געטון צו זיינע באַגלייטער:

— אַ פעסט געבויטער קערפּער — ער וואָלט נאָך לאַנג געקאָנט לעבן!..

V

אין אַכט טעג אַרום נאָך דער עקזעקוציע פון קעניג האָט קראָמוועל פונאַנדערגעטריבן דאָס לאָרדן־הויז, דער־קלערנדיק דערביי, אַז ער שטרעבט דערצו, אַז אין ענגלאַנד זאָל מער נישט זיין קיין לאָרדן. אַנשטאָט דעם האָט דער פּאַרלאַמענט באַשטימט אַ מלוכה־ראָט פון 41 מיטגלידער,

וועלכע האָט געדאַרפט אָנפירן מיט דער מלוכה. פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־דעה־זאָגער און באַפעלער אין מלוכה־ראַט איז געווען קראָמוועל.

דעם 19־טן מאַי, 1649 האָט דער פּאַרלאַמענט אַרויס־געגעבן אַ היסטאָרישן אַקט, דערקלערנדיק ענגלאַנד פאַר אַ פרייע רעפּובליק („פרי קאָמענוועלס"). אַלס אָנפירנדיקע מאַכט מיט דער מלוכה האָט דער פּאַרלאַמענט דערווייל באַשטימט דעם מלוכה־ראַט מיטן דעפּוטאַט בראַדשאָ אַלס פאָרזיצער. קראָמוועל האָט דעם אַמט פון פאָרזיצער נישט געוואָלט אָננעמען, ער האָט איצט געהאַט אַנדערע אויפ־גאַבן, ריין מיליטערישע און דעריבער האָט ער זיך קודם־כּל געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרמיי, ווייסנדיק, אַז האַבנדיק די אַרמיי הינטער זיך, וועט ער שטענדיק קאָ־נען זיין דער בעל־הבית פון דער לאַגע.

און אָט איז די אַרמיי שוין צונויף געקומען, ווייל אי־אירלאַנד איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן די אָרטי־קע ענגלישע קאָלאָניסטן און אין שאָטלאַנד איז געקרוינ[illegible] געוואָרן אַלס קעניג דער זון פון קאַרל דעם 1־טן, וועלכע[illegible] האָט זיך טיטולירט אַלס קעניג פון ענגלאַנד. אויף דע[illegible] יינגער רעפּובליק האָבן תּיכּף אָנגעהויבן צו לויערן גע[illegible] פאַרן. מ׳האָט זיי שנעל געמוזט באַזייטיקן. קראָמוועל האָ[illegible] איצט געוויזן דעם לאַנד, ווי נויטיק עס איז אויפצוהאַלט[illegible] אַן אַרמיי, וועלכע זאָל פאַרטיידיקן די דעראָבערונגען פו[illegible] דער רעפּובליק.

אין אויגוסט 1649 איז קראָמוועל אָפּגעשווימען קיי[illegible] אירלאַנד מיט אַן אַרמיי פון 21 טויזנט סאָלדאַטן, כּדי [illegible] דערשטיקן דעם דאָרטיקן אויפשטאַנד. דער פרומער קראָמ[illegible] וועל האָט זיך ווי אַ שטורעם־ווינט אַריינגעריסן מיט זיינ[illegible]

סאָלדאַטן קיין אירלאַנד און דאָרטן געמאַכט אַ שחיטה, נעמענדיק נקמה פאַר דעם בלוט, וואָס די אירלענדער האָבן נאָך אין יאָר 1641 פאַרגאָסן, אויסהרגענענדיק עטלעכע טויזנט ענגלענדער. ווי די כראָניקערס פון יענער צייט דער־ציילן, זאָל קראָמוועל האָבן געהייסן זיינע סאָלדאַטן אַז זיי זאָלן נישט שוינען אַפילו קיין פרויען און קינדער.

אָבער אין אירלאַנד האָט קראָמוועל לאַנג נישט גע־קאָנט זיין. ער האָט געמוזט איילן קיין שאָטלאַנד, וואו עס האָט געדראָט די געפאַר דער נייער רעפובליק, ווייל קארלס זון האָט זיך געגרייט מלחמה צו האַלטן מיט ענגלאַנד. ביי דענבאַר האָט קראָמוועל צעקלאַפּט די שאָטלענדישע אַרמיי און זי פאַריאָגט טיף אין לאַנד אַריין. דער ניי־געקרוינטער קעניג האָט אָבער אַליין נישט רעזיגנירט פון נקמה נעמען אָן די ענגלענדער פאַר זיין פאָטערס טויט. ער האָט זיך אַריינגעריסן קיין ענגלאַנד, זיך פאַרשטענדיקט מיט די ענג־לישע מאָנאַרכיסטן און גענומען מאַרשירן מיט אַ גרויסע אַרמיי קיין לאָנדאָן. ביי דער שטאָט וואָוסטער האָט ער זיך אָבער אָנגעשטויסן אָן קראָמוועלס מיליטער. צווישן ביידע אַרמייען איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטע שלאַכט. קראָמוועל אַליין האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע העלדישקייט, רייטנדיק אויף אַ פערד אין די פאָדערשטע רייען און פירנדיק דאָס מיליטער צום קאַמף מיט געזאַנג פון קאַפּיטלעך תהילים... דעם 3־טן סעפּטעמבער 1651 האָט קראָמוועל אַרומגערינגלט די גאַנצע שאָטלענדישע אַרמיי און זי גענומען געפאַנגען. דער קעניג, קאַרל דער 2־טער, איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן און האָט פונקט, ווי זיין טאַטע זיך געמוזט איבערטון אין אַנדערע קליידער, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען. נאָך לאַנגע וואָגלענישן און

געפּאַרן איז ער אויף אַ קליינער שיף אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך.

די צוויי גרויסע נצחונות אין אירלאַנד און שאָטלאַנד, די געוואונענע שלאַכטן ביי דענבאַר און וואורסטער האָבן קראָמוועלס נאָמען באַרימט געמאַכט אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד און אומעטום, סיי אין די דערפער סיי אין די שטאָט, האָט מען וועגן אים גערעדט, ווי וועגן ענגלאַנדס נאַציאָנאַלן העלד. קראָמוועל האָט זיך ניט באַגנוגנט מיטן נצחון איבער די דאָזיקע צוויי לענדער, דער געוועזענער פערמער פון עדינגטאָן האָט פאַרמאָגט אַ פראַקטישן פּאָליטישן חוש און פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן דעם דאָזיקן נצחון לטובת ענגלאַנד. ער האָט אויך תּיכּף פאַראייניקט אירלאַנד און שאָטלאַנד צו ענגלאַנד, די דאָזיקעביידע באַזיגטע מלוכות האָבן איצט געבילדעט איין גאַנצע ענגלישע מלוכה. פון איצט אָן האָבן ביידע לענדער אויפגעהערט זעלבסטשטענדיק צו עקזיסטירן און זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אַלס טיילן פון דער ענגלישער רעפּובליק. אָט די דאָזיקע פאַראייניקונג, דאָס פאַרגרעסערן די הערשאַפט פון ענגלאַנד איבער נייע לענדער, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט קראָמוועלס גרויסקייט אין די אויגן פון גאַנצן לאַנד.

קראָמוועל האָט דערפילט זיין מאַכט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט דער קראַפט פון דער אַרמיי און מיט זיין שטאַרקן ווילן וועט ער דאָס פריערדיקע קליינע מלוכהלע פון קאַרל דעם 1־טן, דערפירן צו אַ מעכטיק לאַנד, מיט וועלכן גאַנץ אייראָפּע וועט זיך מוזן רעכענען. זיין משפּט איבער קאַרל דעם 1־טן, זיינע נצחונות אין אירלאַנד און שאָטלאַנד, דאָס פאַריאָגן קאַרל דעם 2־טן קיין פראַנקרייך— האָט זיין נאָמען באַרימט געמאַכט ווייט איבער די גרענעצן

פון ענגלאַנד. אין די אייראָפּעישע קעניגלעכע הויפן האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן מיט שרעק אויף דעם „ענגלישן טייוול” און מ'האָט זיך אָנגעהויבן צו רעכענען מיט קראָמ־וועלס פּאָליטיק. קראָמוועל האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט וועט מען פאַר ענגלאַנד האָבן דרך־ארץ און ער האָט זיך גענומען פאַרשטאַרקן ענגלאַנדס מאַכט נישט בלויז אויף דער יבשה, נאָר אויך אויפן ים.

דעם 9־טן אָקטאָבער, 1651 האָט קראָמוועל דורכגע־פירט אין פּאַרלאַמענט דעם באַקאַנטן „נאַוויגאַציע־אַקט”, וועלכער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר ענגלאַנדס איבערהערשאַפט אויפן ים. לויטן „נאַוויגאַציע־אַקט” האָט ענגלאַנד זיך אַליין מתחייב געווען אויסצובויען אַ גרויסן האַנדלס־פלאָט און אַלע סחורות און אויסאַרבעטונגען, וועלכע זענען פון איצט אָן אַריינגעפירט געוואָרן אין די ענגלישע פּאָרטן, האָבן געמוזט געפירט ווערן אויף ענג־לישע שיפן, אין קעגנפאַל זענען די סחורות קאָנפיסקירט געוואָרן. אַזוי אַרום האָט קראָמוועל מיטן „נאַוויגאַציע־אַקט” אויפגעבויט אַ גרויסן האַנדלס־פלאָט און גלייכצייטיק אַ קלאַפּ געטון די אינטערעסן פון האָלאַנד, ווייל ביז איצט פלעגט מען אַריינברענגען סחורות קיין ענגלאַנד הויפּט־זעכלעך אויף האָלענדישע שיפן. צוליב דעם דאָזיקן סכסוך איז אין יאָר 1652 אויסגעבראָכן צווישן די ביידע לענדער אַ מלחמה, וועלכע האָט זיך געצויגן צוויי יאָר און סוף־כל־סוף איז האָלאַנד געווען געצוואונגען נאָכצוגעבן קראָמוועלס פאָדערונגען. במשך פון דער דאָזיקער מלחמה האָט קראָמ־וועל אויסגעבויט אַ שטאַרקן מיליטערישן פלאָט און פאַר־זיכערט ענגלאַנד אַ מעכטיקע פּאָזיציע אויפן ים.

דער פּאַרלאַמענט האָט ענדלעך דערזען אין קראָמוועלן

אַ געוואַלדיקן קאָנקורענט. די דעפּוטאַטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער ראָל איז געענדיקט און, כדי איינצוהאַלטן זייערע פּאָזיציעס האָבן זיי געפאָדערט דורכצופירן דער־גענצונגס־וואַלן און אַריינפירן אין פּאַרלאַמענט נייע דעפּוטאַטן אויפן אָרט פון די אַרעסטירטע 143. אין זייערע רעדעס האָבן די דעפּוטאַטן אָנגעוויזן, אַז דער פּאַרלאַמענט אין זיין איצטיקן צוזאַמענשטעל איז נישט מער, ווי „אַ קערפּער אָן פיס, הענט און קאָפּ". שטילערהייט האָבן די אומצופרידענע דעפּוטאַטן אויך אָנגעהויבן צו מורמלען, אַז קראָמוועל דערלויבט זיך שוין צופיל, אַז סוף־כל־סוף האָט ער באַקומען די מאַכט פון פּאַרלאַמענט און דערויבער איז ער פאַרן פּאַרלאַמענט פאַראַנטוואָרטלעך.

אויף די זיצונגען האָט דער פירער פון די אומצופרידענע דעפּוטאַטן דזשאָן ליבאָרן שאַרף אָנגעגריפן קראָמוועלן, פאָדערנדיק דורכצופירן דערגענצונגס־וואַלן.

— אונז האָט דאָס פאָלק געקליבן און אונז דאַרף דערויבער קראָמוועל פאָלגן, — האָט ליבאָרן גערעדט אויף איינע פון די זיצונגען, אויף וועלכער ס'איז אויך אַנוועזנט געווען קראָמוועל, קיינער פון אונז לייקנט נישט, אַז אָליווער קראָמוועל האָט געראַטעוועט די פרייהייט פון פאָלק, קיינער צווייפלט נישט אין זיינע גרויסע מיליטערישע פעאיקייטן, מיר דאַרפן אים דאַנקען פאַר זיינע גרויסע מעשים לטובת ענגלאַנד, אָבער דאָס באַדייט נאָך נישט, אַז ער דאַרף זיך צונעמען די גאַנצע מאַכט! דער פּאַרלאַמענט פאָדערט דערגענצונגס־וואַלן — דאַרף דער מלוכה־ראַט תיכּף פאַראָרדענען אַזעלכע וואַלן.

אַלעמענס בליקן זענען געווענדעט צו קראָמוועלן. וועט ער נעמען דאָס וואָרט, וועט ער ענטפערן? אָבער דער פּאָק־

טישער דיקטאַטאָר איז געזעסן אַ שווייגנדיקער און ערנס־טער, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, נישט מאַכנדיק קיין איין צווישנרוף די רעדנער.

ס'זענען פאַרבײַ עטלעכע וואָכן. דער פאַרלאַמענט האָט ווייטער געשטורעמט ווענן דערגענצונגס־וואַלן. דעם 20־טן אַפּריל, 1653 האָבן זיך די דעפּוטאַטן פאַרזאַמלט, כּדי אָפּצוהאַלטן אַ דעצידירנדיקע זיצונג ווענן די צוגאַב־וואַלן און אַנדערע פּאָדערונגען. בעת ס'האָט אָנגעהויבן צו רעדן דער דעפּוטאַט ווען, איז צו דער פּאַרלאַמענט־געבײַדע צוגעפאָרן קראָמוועל אין באַגלייטונג פון דעם אָפיציר האַריסאָן און 30 באַוואָפנטע סאָלדאַטן. האַריסאָן מיט די סאָלדאַטן זענען געבליבן שטיין אין דעם פאָדערהויז פון פּאַרלאַמענט און קראָמוועל איז אַרײַן אין זיצונגס־זאַל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ שווייגנדיקער אויף זײַן אָרט און געלאָזט רעדן דעם דעפּוטאַט, וועלכער האָט שאַרף קריטי־קירט קראָמוועלס האַנדלונגען.

— איך בין זיכער, אַז קראָמוועל גופא וועט אָנזיד־לען דעם מענטש, וועלכער וועט אים פאַרוואַרפן, אַז ער, קראָמוועל וויל ווערן אַ דיקטאַטאָר! — האָט ווען אויס־גערופן, — פאַרוואָס זשע האַנדלט ער אַזוי, ווי ער וואָלט געוועזן אַ דיקטאַטאָר? זאָל ער אָפּגעבן אַ דין־וחשבון דעם פאַרלאַמענט! זאָל ער ווײַזן, אַז ער איז נישט קיין אַליינהער־שער!

בעת ווען האָט געענדיקט, האָט קראָמוועל געבעטן דאָס וואָרט. ער איז אַ רואיקער אַרויפגעגאַנגען אויף דער רעדנער־טריבונע און אָנגעהויבן צו רעדן. פון אָנהויב איז זײַן שטים געווען אַ רואיקע, אַ שטילע, אָבער באַלד איז זײַן טאָן געוואָרן שטרענגער, די שטים העכער ביז ער האָט

גענומען דונערן מיט זיין מעכטיקער באַסאָווער שטים.

— הערן דעפּוטאַטן, — האָט ער אָנגעהויבן, — קיין שום פּאַרלאַמענט האָט אַזוי פיל נישט געטון פאַרן לאַנד, ווי דער דאָזיקער „לאַנגדויערנדיקער פּאַרלאַמענט". איר האָט די אויפגאַבן, וועלכע די ווײַלער האָבן אויף אײַך אַרויפגעלייגט, אויסגעצייכנט דערפילט. אָבער יואָס זשע נאָך ווילט איר? פאַר דער צייט פון אייער טראָגן דעם דע־פּוטאַטן־טיטול האָט איר אַ סך גענאָסן לטובת אייערע פער־זענלעכע אינטערעסן. איר, דעפּוטאַטן, האָט זיך צוגענומען די קאָנפיסקירטע פעסטונגען, פּאַלאַצן, גיטער, וועלדער, פעלדער פון די לאָרדן און פריצים, איר זענט רייך געוואָרן אויפן חשבון פון דער רעוואָלוציע — וואָס זשע נאָך ווילט איר? איינהאַלטן ווייטער אייער מאַכט, טראָגן ווייטער די טיטולן און פאַרברענגען דאָ אין נאַרישע פּלאַפּלערייען? קיין חשק צו אַרבעטן פאַרן פאָלק האָט איר נישט, נאָר איר ווילט ווייטער זיך באַרימען, אַז איר זענט די אמתע מאַכט־האָבער. איר האָט פאַרייניקט שאָטלאַנד און אירלאַנד? איר האָט פאַרגאָסן אייער בלוט ביי דענבאַר און וואוס־טער? ווער דאַרף אײַך איצט צו האָבן? אייער צייט איז גע־קומען און איר קענט אײַך גיין צוריק צו אייערע ווייבער און קינדער — דאָס פאָלק דאַרף שוין נישט מער אייער אַרבעט!

פון אַלע זייטן האָבן זיך אַ שאָט געטון צווישנרופן. די דעפּוטאַטן זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און גענומען דראָען קראָמוועלן מיט די פויסטן. דער דעפּוטאַט וועגן איז אַרויפגעשפּרונגען נעבן קראָמוועלן אויף דער טרי־בונע און האָט גענומען שרייען:

— קיינמאָל האָט נאָך דער פּאַרלאַמענט נישט געהערט

אזעלכע רייד! און ווער רעדט זיי אַרויס? אַליוועך קראָמ־וועל, וועלכן דער פּאַרלאַמענט האָט דערהויבן צו אַזאַ מדרגה און אים געמאַכט פאַר דעם מענטש, וואָס ער איז איצט! ווי וואָגט ער אַזוי צו רעדן צו די, וועלכע האָבן אים געגעבן די מאַכט?

— צונעמען אים אַלע טיטולן! איבערגעבן די אַרמיי־אָנפירונג אַן אַנדערן! שיקט אים צוריק קיין עדינגטאָן אויסטרוקענען די בלאָטעס! דרך־ארץ פאַרן פּאַרלאַמענט,— האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן.

דער פּאַרלאַמענט האָט געברויזט, ווי אַ קאָכעדיקער קעסל. די דעפּוטאַטן זענען גרייט געווען קראָמוועלן צו לינטשן פאַר זיינע באַליידיקונגס־ווערטער. ער איז געשטאַנען אַ ווייל אַ רואיקער, מיט אַ קוים באַמערקבאַר שמייכעלע אויף די ליפּן. דערנאָך, ווען די געוואַלדן און געשרייען זענען געוואָרן אַלץ העכער און שטאַרקער, האָט ער זיך פּלוצלינג אַ וואָרף געטון אין מיטן זאַל און אַ געשריי געטון מיט אַ ברילנדיקער שטים:

— אַרויס פון דאַנען! איך וועל איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מאַכן צו אייער פּלאַפּלעריי! האַריסאָן, אַריין!— איז ער צוגעלאָפן צו דער טיר.

האַריסאָן איז אַריינגעקומען מיט די סאָלדאַטן און אָנגעהויבן אַרויסצוטרייבן די דעפּוטאַטן פון זיצונגס־זאַל. קראָמוועל איז אַן אויפגערעגטער, אַ בייזער אַרומגעלאָפן הין און צוריק איבערן זאַל, געטופּעט מיט די פיס און געשריגן:

— איר זענט נישט מער דער פּאַרלאַמענט — אייזלען זענט איר! אַרויס פון דאַנען! רייניקט אָפּ דאָס אָרט

פאַר בעסערע, פעיקערע פון אייך! טרייבט זיי, סאָלדאַטן, טרייבט זיי, ווי פאַרשיווע הינט!

דער ספיקער לענטאַל איז כסדר געזעסן אויף זיין אָרט און זיך נישט געוואָלט רירן. ווען קראָמוועל האָט דאָס דערזען, איז ער אַ בעסענדיקער צוגעלאָפן צו האַריסאָנען, טופענדיק מיט די פיס, אויסגעשריגן:

— צווינגט אים אַראָפּצוגיין!

האַריסאָן איז צוגעגאַנגען צו לענטאַלן און געבעטן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן די ספיקער־שטול.

— קראָמוועל האָט נישט קיין רעכט מיט מיר צו באַפעלן, איך וועל דאָס אָרט נישט פאַרלאָזן! — האָט לענטאַל דערקלערט.

— שלעפּט אים אַראָפּ מיט געוואַלד, אויב ער וויל נישט אַראָפּגיין מיט גוטן! — האָט קראָמוועל אַ געשריי געטון.

דאַמאָלס האָט האַריסאָן אַ צי געטון ליכט ביים ספיקערס מאַנטל. לענטאַל, זעענדיק, אַז ער האָט קעגן זיך אַ געוואָלד־קראַפט, האָט פאַרלאָזט דעם זיצונגס־זאַל.

נאָכן ארויסטרייבן די דעפּוטאַטן האָט קראָמוועל פאַרשלאָסן די פאַרלאַמענט־געביידע און די שליסלען גענומען צו זיך. אַזוי אַרום האָט אויפגעהערט די עקזיסטענץ פון „לאַנגן פאַרלאַמענט".

די גרעסטע טייל פון פאָלק איז געווען צופרידן מיט קראָמוועלס אַקט, ווייל פאַקטיש האָט דער פאַרלאַמענט שוין פון לאַנג פאַרלוירן זיין מאַכט. צוליב זיינע נצחונות אין דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק, צוליב זיינע וויכטיקע רעפאָרמען האָט קראָמוועל איצט געהאַט די סימפּאַטיע פון אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג. נאָכן

פונאנדערטרייבן דעם פּאַרלאַמענט זענען אין קיין שום אָרט פון לאַנד נישט פאָרגעקומען קיין שום פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, קיין שום אומרוען, דער דיקטאַטאָר האָט דערי־בער מיט אַ נצחון־געפיל דערקלערט:

— אַפילו אַ הונט האָט קיין ביל נישט געטון, ווען די דאַזיקע אייזלען זענען אַוועק!

קראָמוועל האָט איצט געהאַט די גאַנצע מאַכט אין זיי־נע הענט. כדי אָבער נישט אַרויסצווייזן דעם פאָלק, אַז ער איז אַליינהערשער און דיקטאַטאָר, כדי ווייטער איינצוהאַלטן די פּאַרלאַמענטאַרישע טראַדיציע פון ענגלישן פאָלק, האָט קראָמוועל באַשלאָסן צונויפצורופן אַ נייעם פּאַרלאַמענט. אָבער כדי צו זיין זיכער מיט דעם נייעם פּאַרלאַמענט, האָט ער די וואַלן „געמאַכט" אַזוי, אַז עס זאָלן אַריינגיין בלויז זיינע געשוואוירענע אָנהענגער. ער האָט באַפוילן, אַז מ'זאָל צונויפשטעלן אַ רשימה פון „אייגענע מענטשן", מיטגלידער פון דער אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי, און קראָמוועלס אָפיצירן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע זאָלן שטימען נאָר אויף די קאַנדידאַטן, וואָס די אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט. קיין שום אַנדערע קאַנדידאַטן צום פּאַרלאַ־מענט האָבן דאַמאָלס נישט פיגורירט.

אין דעם דאַזיקן פּאַרלאַמענט זענען אַריין אַ סך מענטשן מיט ראַדיקאַלע אָנשויאונגען, וועלכע האָבן גע־פאָדערט אָפּצוטיילן די קירכע פון דער מלוכה, אָ ינפירן ציוויל־התונות א. ד. גל. דער פּוריטאַנער קראָמוועל האָט זיך קעגנגעשטעלט די דאַזיקע פּראָיעקטן און בשום אופן נישט דערלויבט זיי אָנצונעמען. די מערהייט פון דעם נייעם פּאַרלאַמענט האָט געפאָדערט, אַז קראָמוועל זאָל זיך אין די געזעצגעבערישע ענינים נישט אַריינמישן. אַ סך פון די

דעפּוטאַטן האָבן דערקלערט קראָמוועלן: „אויב דו לאָזט אונז נישט אָננעמען אונזערע פּראָיעקטן — האָבן מיר נישט וואָס צו זיצן אין פּאַרלאַמענט!"
קראָמוועל איז בייז געוואָרן. דער מאַכטהאָבער און דיקטאַטאָר האָט נישט געוואָלט, אַז אפילו זיין אייגענער פּאַרלאַמענט זאָל אים אַ דעה זאָגן און ער האָט אין דעצעמבער, 1653 פונאַנדערגעלאָזט אויך דעם דאָזיקן פּאַרלאַמענט.

VI

די טויזנטער אַנהענגער פון דעם נישט געקרוינטן אַליינהערשער האָבן זיך געווענדעט צו קראָמוועלן, אַז ער זאָל זיך קרוינען אַלס קעניג פון ענגלאַנד. אַ ספּעציעלע דעפּוטאַציע האָט אים דערקלערט:
— דאָס גאַנצע פאָלק איז מיט דיר, דו האָסט באַרימט געמאַכט ענגלאַנדס נאָמען אין די אויגן פון דער וועלט, דו האָסט רייך געמאַכט אונזער לאַנד, דו האָסט די גאַנצע מאַכט, אַלץ איז דיר אונטערטעניק, דאָס מיליטער פאַרגעטערט דיך, דו ביזט דער איינציקער בעל־הבית פון ענגלאַנד — פאַרוואָס זאָלסטו נישט אָנטון די קרוין? פאַקטיש ביזטו דאָך אונזער נישט געקרוינטער קעניג.
קראָמוועל האָט זיך שטאַרק געוואַקלט. פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט אָנטון די קרוין? ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז די רעפּובליקאַניש געשטימטע אָפיצירן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסן ביים פאַרניכטן די מאָנאַרכיע, זאָלן נישט אַרויסטרעטן קעגן אים. קראָמוועל האָט אין זיינע אויסרעכענונגען נישט געהאַט קיין טעות. אויף אַפּצושאַצן די געשאַפענע לאַגע איז ער געווען

א גענעראַלער מייסטער. די אָפיצירן און סאָלדאַטן, דער־וויסנדיק זיך, אַז מ׳ווענדעט זיך צו קראָמוועלן מיט היסע בקשות, אַז ער זאָל זיך קרוינען אַלס קעניג, האָבן אָנגע־שריבן צום דיקטאַטאָר אַ פּעטיציע, אין וועלכער זיי האָבן אים געבעטן נישט „צו פאַרוואַנדלען ענגלאַנד צוריק אין אַ מאָנאַרכיע, קעגן וועלכער דאָס פאָלק האָט אַזוי פאַר־ביטערט געקעמפט״.

און באמת, וואָס האָט קראָמוועל געדאַרפט די קעניג־לעכע קרוין? די גאַנצע מאַכט האָט זיך דאָך געפונען אין זיינע הענט, ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט דעם זעלבן פּראַכט, וואָס אַ קעניג. דער געוועזענער פערמער פון עדינג־טאָן האָט זיך מיט זיין גאַנצער פאַמיליע איבערגעצויגן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ פון וואייטהאָל, שאַפנדיק דאָרטן אַן אמת קעניגלעכן הויף, מיט אַ קעניגלעכער עטיקעט און קעניגלעכע מנהגים. זיין פרוי האָט געהאַט הויף־דאַמען און ער — אַ קעניגלעכע לייב־וואַך פון 160 מאַן, וועלכע האָט אים געהיט אויף טריט און שריט. צי וואָס האָט ער זיך גע־דאַרפט איינרייסן מיטן מיליטער און נעמען זיך דעם טי־טול קעניג, ווען אַז דעם איז אַזוי אויך דער פּאַלאַץ אין וו־אייטהאָל צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעניגלעכן פּאַ־לאַץ, ווי פאַר די צייטן פון יאַקאָב דעם 1־טן און קאַרל דעם 1־טן.

דער קריגס־ראַט, וועלכן קראָמוועל האָט געשאַפן נאָכן פונאַנדערלאָזן דעם צווייטן פּאַרלאַמענט, האָט באַשלאָסן צו געבן קראָמוועלן אַן אַנדער טיטול. דער פאָרזיצער פון קריגס־ראַט האָט איבערגענומען די ראָל פון איבערגעבן קראָמוועלן דעם דאָזיקן נייעם הערשער־טיטול. פּאַקטיש האָט קראָמוועל ביז איצט נישט געהאַט קיין שום הערשער־

טיטול, ער איז געווען בלויז הויפּט־אַנפירער פון דער אַרמיי. אַלס אומבאַגרענעצטער הערשער איבערן לאַנד האָט ער געהאַט בלויז דעם טיטול גענעראַליסימוס פון מיליטער.

דעם 29־טן דעצעמבער 1653, איינס אַ זייגער בייטאָג האָט זיך פון אואייטהאָל אין דער ריכטונג צו דער וועסט־מינסטער קירכע געצויגן אַ לאַנגע ריי קאַרעטעס. אויפן גאַנצן וועג זענען פון ביידע זייטן געשטאַנען שפּאַלערן מי־ליטער. די שטימונג איז געווען אַ פייערלעכע. אין דער ערשטער קאַרעטע איז געפאָרן דער לאָרד־קאָמיסאַר פון דער מלוכה־דרוקעריי, דערנאָך די לאָרדמערס און גענעראַלן, אין מיטן איז געפאָרן אין אַ פּרעכטיקע קאַרעטע קראָמ־וועל אין אַ שוואַרצן מאַנטל, אין אַ הוט מיט אַ ברייטע, גאָלדענע באַנד. ווען קראָמוועל איז אַריין אין זאַל פון דער וועסטמינסטער־קירכע האָט אים דער קאַנצלער־ריכטער דער־לאַנגט אַ הויכן פּאַטעל, אויף וועלכן קראָמוועל האָט זיך פייערלעך אַוועקגעזעצט. דער דיקטאַטאָר האָט געוואוסט, אַז דאָס איבערגעבן אים מצדן קריגס־ראַט דעם נייעם טי־טול איז נישט מער ווי אַ פּשוטע צערעמאָניע, אָבער קראָמ־וועל האָט, ווי יעדער ענגלענדער, ליב געהאַט די דרויסיקע פייערלעכע צערעמאָניעס. אַרום דעם דיקטאַטאָר האָבן זיך אַרומגעזעצט אַלע הויכע באַאַמטע, גענעראַלן און די פירער פון דער אינדעפּענדענטן־פּאַרטיי.

ס'האָט זיך אויפגעשטעלט דער פּאָרזיצער פון קריגס־ראַט, דער גענעראַל לאַמבערט, און מיט אַ פייערלעכער שטים דערקלערט:

— אָליווער קראָמוועל, אין נאָמען פון אַלע מיליטער־אָפּטיילונגען, אין נאָמען פון ענגלישן פאָלק גיב איך דיר איבער דעם פּ ר אָ ט ע ק ט אָ ר אַ ט איבער דער פאַרייניקטער

רעפּובליק פון ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד. פון היינט אָן באַקומסטו דעם טיטול לאָרד־פּראָטעקטאָר פון דער מלוכה. אָליווער קראָמוועל, צי נעמסטו אָן דעם דאָזיקן אַמט?

קראָמוועל האָט אַ ווייל געשוויגן, כּדי צו ווייזן די פאַר־זאַמלטע, אַז ער וואַקלט זיך, אָבער דערנאָך האָט ער דער־קלערט מיט אַ פעסטער שטים: — יאָ, איך נעם אָן!

דאַן האָט דער מלוכה־סעקרעטאַר דזשענסאָן פאָרגע־לייענט דעם קאָנסטיטוציע־אַקט, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן קריגס־ראַט און באַשטעטיקט געוואָרן דורך קראָמוועלן. דער דאָזיקער אַקט וועלכער האָט אַנטהאַלטן 42 פונקטן, האָט דעם לאָרד־פּראָטעקטאָר געגעבן דאָס רעכט פון אַן אומבאַגרענעצט הערשן אויפן גאַנצן לעבן. דער פּראָטעקטאָר דאַרף אויך צונויפרופן אַ פּאַרלאַמענט, אָבער די אָנגענומענע פּראָיעקטן פון פּאַרלאַמענט האָט דער פּראָ־טעקטאָר דאָס רעכט אָפּצוּוואַרפן.

קראָמוועל האָט זיך מיטן צונויפרופן אַ נייעם פּאַרלאַ־מענט נישט געאיילט. ער האָט קודם־כּל אַליין געוואָלט אָנ־פירן מיט דער מלוכה אָן שום וועלכע ס'איז דעה־זאָגער. ביזן צונויפרופן דעם פּאַרלאַמענט האָט ער ארויסגעגעבן 82 פאַראָרדענונגען מיט דער קראַפט פון אַ געזעץ. די דאָ־זיקע געזעצן־פאַראָרדענונגען האָבן קודם־כּל געהאַט דעם ציל צו פאַרשטאַרקן די געצוואונגענע פאַראייניקונג פון ענג־לאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד. ער האָט אויך פאַר דער דאָ־זיקער צייט דערגרייכט אַ ריי נצחונות אין דער אויסלענדי־שער פּאָליטיק. שפּאַניען האָט אין יענער צייט באַהערשט דעם גאַנצן האַנדל קיין מערב־אינדיען. קראָמוועל האָט

איינגעלאָדן צו זיך דעם שפּאַנישן געזאַנדטן און אין אַ קאַ־טעגאָרישן טאָן דערקלערט:

— מיר פאָדערן, אַז אייער קעניג זאָל פריי דורכלאָזן אונזערע האַנדלס־שיפן קיין מערב־אינדיען. איך האָב נישט בדעה צו דולדן אייער פאַרכאַפּן דעם גאַנצן האַנדל אין דאָרטיקן, ווייטן לאַנד. גלייכצייטיק פאָדער איך, אַז איר זאָלט אָפּשאַפן די אינקוויזיציע, וועלכע הערשט ביי אייך אין לאַנד. אַנדערש־גלויביקע פאַרברענט איר אויף די שייטער־הויפנס און ווען איך, פּראָטעסטאַנט, וואָלט געקומען צו אייך אין לאַנד, וואָלט איר מיך זיכער איבערגעגעבן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע. איך וואַרט אויף אייער ענטפער.

— מיין ענטפער איז, אַז איר פאַרלאַנגט די ביידע אויגן פון מיין הערשער... — האָט געענטפערט דער געזאַנדטער.

דאַמאָלס האָט קראָמוועל דערקלערט שפּאַניען אַ מלחמה און סוף־כּל־סוף זי געצוואונגען אָפּצוטרעטן דעם ים־וועג קיין אינדיען, וועלכער איז פון דאַמאָלס אָן אינגאַנצן באַהערשט געוואָרן פון ענגלאַנד. גלייכצייטיק האָבן קראָמוועלס קריגס־שיפן פאַרכאַפּט דעם שענסטן מערב־אינדישן אינזל יאַמאַיקאַ, וועלכעס איז אַריבער אין באַזיץ פון דער ענגלישער מלוכה. דער ענגלישער פלאָט האָט אויך באַהערשט די האַפן־פעסטונג דינקירכען, וועלכע האָט שפּעטער געדינט אַלס אַ וויכטיקע סטראַטעגישע באַזע פאַר דעם ענגלישן מיליטער. קראָמוועל האָט נישט גערוט. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט כּמעט אַלע אייראָפּעאישע מלוכות, געשלאָסן האַנדלס־אָפּמאַכן מיט פראַנקרייך, פּאָרטוגאַל, דענעמאַרק און שוועדן. די דאָזיקע אָפּמאַכן

האָבן געגעבן ענגלאַנד די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ ברייטן און פרייען האַנדל אין גאַנץ איירָאָפּע. די מלוכות האָבן זיך אַזוי געשראָקן פאַר דעם „ענגלישן טייוול" קראָמ־וועל, אַז זיי זענען געווען גרייט אים אַלץ נאָכצוגעבן.

דער נייער, דריטער פאַרלאַמענט, וועלכער איז דורך קראָמוועלן צונויפגערופן געוואָרן דעם 3־טן סעפּטעמבער 1654 איז געווען נישט מער, ווי אַ שאָטן. דער דיקטאַטאָר אַליין האָט געזען, אַז דער פאַרלאַמענט איז בלויז אַ קאָ־מעדיע. און ווען די דעפּוטאַטן פון ניי־געוויילטן פאַרלאַ־מענט זענען אַרויסגעטרעטן מיט פּראָיעקטן וועגן באַגרע־נעצן די מאַכט פון פּראָטעקטאָר און פאַרקלענערן די שטיי־ערן, האָט זיך קראָמוועל נישט לאַנג געוואַקלט און דעם פאַרלאַמענט אין 4 חדשים אַרום נאָך זיין דערעפענונג — פונאַנדערגעטריבן.

די ראַזיקע האַנדלונג האָט אַרויסגערופן גרויס אומצו־פרידנקייט אפילו אין לאַגער פון די רעפּובליקאַנער. די מאָ־נאַרכיסטן האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן און אפילו צוגע־גרייט אַ פּראָיעקט פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד קעגן קראָמוועלס ממשלה. אין עטלעכע ערטער האָט מען געכאַפּט אַנפאַלער מיט געווער אין די הענט, וועלכע האָבן זיך גע־גרייט קראָמוועלן צו דערהרגענען. די מאָנאַרכיסטן און פּרעזביטעריאַנער האָבן גענומען לויערן אויף זיין לעבן. אין יאַנואַר 1657 איז געמאַכט געוואָרן אויף אים אַן אַטענ־טאַט, אָבער קראָמוועל איז אַרויס גאַנץ. ער איז נצול גע־וואָרן פון טויט אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט כסדר געטראָגן אויף זיין לייב אַ שטאָלענעם פּאַנצער. דער דיקטאַטאָר האָט געוואוסט, אַז די שונאים לויערן אויף זיין לעבן, ער האָט פריִער שטענדיק געטראָגן מיט זיך צוויי גאָלדענע רע־

וואַלווערן און זיין קאַרעטע איז געווען אַרומגערינגלט מיט צוויי הונדערט באַוואָפנטע רייטער, חוץ דעם פלעגט ער זיך קיינמאָל נישט צוריקקערן אין פּאַלאַץ אַריין מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן ער איז אַרויסגעפאָרן.

כדי צו דערשטיקן די באַוועגונג פון די מאָנאַרכיסטן, כדי פולשטענדיק צו באַהערשן די לאַגע און אַנוואַרפן אַ שרעק אויף די קעגנער זיינע, האָט קראָמוועל איינגעפירט אין לאַנד אַן אָפענע מיליטערישע דיקטאַטור. ער האָט איינגעטיילט די פאַרייניקטע מלוכה אין צען מיליטערישע ראַיאָנען אריינגעזעצט אַ גענעראַל מיט אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן, גלייכצייטיק האָט ער געשאַפן ספּעציעלע געריכטן אויף צו משפטן די מאָנאַרכיסטישע פאַרשווערער. במשך פון אַ קורצער צייט זענען די תפיסות פול געוואָרן, די צאָל אַרעסטירטע האָט דערגרייכט ביז צוועלף טויזנט. קראָמוועל האָט זיך אומברחמנותדיק אָפּגערעכנט מיט אַלע זיינע קעגנער.

צוליב די אָפטע מלחמות, וואָס קראָמוועל האָט געפירט מיט שפּאַניען, האָט ער זיך גענויטיקט אין אַ סך געלט. כדי נישט צו פאַרלירן די גרויסע סימפּאַטיע, וואָס ער האָט נאָך געהאַט ביי אַ גרויסן טייל פון פאָלק, האָט ער אַליין נישט געוואָלט פאַרגרעסערן די שטייערן, נאָר דאָס געלט געוואָלט באַקומען דורכן פאַרלאַמענט. ער האָט דעריבער אין סעפּטעמבער, 1656 צונויפגערופן אַ נייעם פאַרלאַמענט. אָבער אויך דאָס מאָל זענען געווילט געוואָרן אַ גרויסע צאָל דעפּוטאַטן, וועלכע זענען נישט צופרידן געווען מיט קראָמוועלס שטרענגן הערשן. די דאָזיקע אָפּאָזיציע האָט אין פאַרלאַמענט באַקומען אַ מערהייט. וואָס טוט קראָמוועל? כדי פּטור צו ווערן פון דער דאָזיקער אומצופרידענער מער-

הייט, כּדי זי צו פאַרוואַנדלען אין אַ מינדערהייט, פאַדערט קראָמוועל ביים קריגס־ראַט צו געבן אים דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן, אויב די וואַלן זענען פאַרגעקומען ריכטיק. פאַרשטייט זיך, אַז קראָמוועל באַקומט גלייך אַ באַפולמעכ־טיקונג פון קריגס־ראַט דורכצופירן די דאָזיקע קאָנטראָל. מיט דער הילף פון פאַרשידענע קונציקע שפּיצלעך פּסלט קראָמוועל 100 דעפּוטאַטן פון דער אָפּאָזיציע... באַלד נאָכ־דעם באַקומט דער דיקטאַטאָר אַ מערהייט אין פּאַרלאַ־מענט, וועלכער נעמט אָן אַ באַשלוס וועגן אַ קרעדיט פון פיר הונדערט טויזנט פונט שטערלינג אויף ווייטער צו פירן די מלחמה מיט שפּאַניען.

נאָכן אָננעמען דעם דאָזיקן באַשלוס זאָגט ער צו די דעפּוטאַטן:

— איך קעמף פאַר ענגלאַנדס גרויסקייט. איצט האָט איר מיר צוגעהאָלפן אין דער דאָזיקער זאַך. איך זאָג אייך אָבער אָפן — אין פאַל, ווען איר וועט זיך אַנטקעגנשטעלן מיינע צילן, וועל איך אייך הייסן גיין אין אייער רו אַריין, ווי איך האָב עס געטון מיט די פריערדיקע פּאַרלאַמענטן...

די דעפּוטאַטן שלינגען אַראָפּ די דאָזיקע אָפענע, ציני־שע דערקלערונג, ווי אַ ביטערע פּיל. ביי אַ סך פון זיי הויבט זיך אָן צו בונטעווען אַ האַס־געפיל צום דיקטאַטאָר. פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס פאַרגינען אים נישט די מאַכט און אָפט הערן זיך שטימען פון איינצלנע דעפּוטאַטן, שטי־מען, וועלכע ווערן אַרויסגערעדט אין דער שטיל.

— וואָס, מיר וועלן זיך אונטערוואַרפן די קאַפּריזן פון דעם עדינגטאָנער פערמער?

צוליב די „קאַפּריזן" פון עדינגטאָנער פערמער וואַקסט דערווייל די מאַכט פון ענגלאַנד, צוליב די „קאַפּריזן" פון

דיקטאַטאָר שווימען אַפּ פון אַלע אייראָפּעאישע האַפנס הונדערטער ענגלישע האַנדלס־שיפן, צוליב די „קאַפּריזן" פון „ענגלישן טייוול" ווערט ענגלאַנד אַ מעכטיקע מלוכה, פאַר וועלכער עס באַקומען איצט דרך־ארץ אַלע אייראָ־פּעישע לענדער...

די מורמלערייען פון די דעפּוטאַטן דערגייען צו קראָמ־שאַפט זיך ווידער קעגן אים און אָפּאָזיציע־מערהייט, שיקט וועלן און ווען אויף איינער פון די פּאַרלאַמענט־סעסיעס ער אָן אָפּטיילונג סאָלדאַטן, וועלכע באַפעלן די דעפּוטאַטן צו גיין אַ היים. און דאָס געשעט סך־הכל פינף חדשים פאַרן דיקטאַטאָרס טויט!

אין דעם לעצטן יאָר פון זיין הערשן איז קראָמוועל אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער, בייזער און פינצטערער. דער בסדרדיקער קאַמף מיט די קעגנער, די אָנגעשטרענגטע מלוכה־אַרבעט, וועלכע פלעגט אָפטמאָל געדויערן פערצן־זעכצן שעה טעגלעך, די שטענדיקע מורא פאַר אַטענטאַטן— דאָס אַלץ האָט צעשטערט זיין נערוון־סיסטעם. אַפילו אַזאַ קרעפטיקער, געזונטער מענטש, ווי קראָמוועל איז געווען האָט זיך געמוזט אונטערברעכן אונטער דער ריזיקער משא פון זיינע אויפגאַבן און אָפּגעטוענע מעשים. מיליטערישער אָנפירער, פּאָליטיקער, רעפאָרמאַטאָר, קעמפער קעגן טראָן, אומבאַגרענעצטער הערשער, דיקטאַטאָר — אָט דאָס אַלץ האָט זיך געקרייציקט אין דעם דאָזיקן איינציקן מענטש אין דעריבער געפאָדערט איבערנאַטירלעכע גייסטיקע און קערפּערלעכע אָנשטרענגונגען. דער מאַסיווער בנין האָט זיך דעריבער גענומען ברעכן.

קראָמוועל האָט אָנגעהויבן צו ליידן אויף שלאָפלאָ־זיקייט און טיילווייזע אָנפאַלן פון מרה־שחורה. ס'האָט אים

אויך כּסדר פאַרפאַלגט דער געדאַנק, אַז מ'גרייט זיך אים צו דערהרגענען. ער פלעגט אַפּטמאָל ביינאַכט אַראָפּלויפן פון זיין שלאָפצימער אין גאָרטן אַריין, צונויפרופן די וואַך און הייסן אַרומזוכן אין גאַנצן פּאַלאַץ.

— מיר דוכט זיך, אַז ס'האָט זיך אימיצער דאָ באַהאַלטן מיט אַ פּיסטאָלעט אין דער האַנט — פלעגט ער זאָגן צו די סאָלדאַטן פון זיין לייב־וואַך.

צוליב דער דאָזיקער כּסדרדיקער מורא האָט ער אין אויסגעהאַלטענער פּאַלאַץ געהאַט עטלעכע שלאָפצימערן מיט געהיימע אַרויסגאַנג־טירן. יעדע נאַכט פלעגט ער פאַרברענגען אין אַן אַנדער שלאָפצימער, ער פלעגט אַרומבלאָנדזשען איבערן צימער און תּפילה טון.

אפילו זיין מוטער האָט זיך שטענדיק געפונען אונטערן איינדרוק, אַז מ'וויל דערהרגענען איר זון. ווען זי פלעגט דערהערן אַ שאָס, פלעגט זי פאַרברעכן די הענט און אויסשרייען מיט אַ ספּאַזמאַטיש קול:

— געוואַלד, מ'דערהרגעט מיין זון!

דער טויט פון זיין טאָכטער, לעדי קליפּאַל, האָט אויף קראָמוועלן אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו פיבערן און באַקומען גרויסע היץ. ער איז געפערלעך קראַנק געוואָרן און די דאָקטוירים האָבן דערקלערט, אַז זיין איבערגעאַרבעטער, אויסגענוצטער אָרגאַניזם וועט נישט קאָנען אויסהאַלטן דעם שטאַרקן פיבער.

אַ טאָג פאַרן זיין טויט, איז דער פּוריטעריאַנער קראָמוועל אַראָפּ פון בעט, אַנידערגעקניט און מיט אַ וויינענדיקער שטים געזאָגט:

— גאָט, איך בין אַ נישטיק באַשעפעניש, דו האָסט געמאַכט פון מיר אַ געווער פאַר דיין ווילן. דאָס דאָזיקע פאָלק

װײל, אַז כ׳זאָל לעבן זײ גלויבן אַז צוליב דעם װעט זײ זײן בע־
סער און דאָס װעט זײן צוליב דײַן לויב. אַנדערע װידער װילן,
אַז איך זאָל שטאַרבן. גאָט זײ מוחל די אַלע מענטשן און
בענטש זײ!

דערנאָך איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון
פולשטענדיקער מאַכטלאָזיקײט, ער האָט פאַרלוירן דאָס באַ־
װאוסטזײַן און צומאָרגנס 4 אַ זײגער בײטאָג, דעם 3־טן
סעפּטעמבער 1658, איז ער געשטאָרבן, באַשטימענדיק זײַן
זון רישאַרד אַלס זײַן נאָכפאָלגער.

דער זון איז אָבער נישט געװען געראָטן אין דעם גע־
ניאַלן טאַטן און נאָך אַ האַלב יאָר פון אַ שלימזלדיק הערשן
האָט אָט דער זון פון קראָמװעלן צוריק געעפנט אַ װעג פאַר
דער מאָנאַרכיע אין ענגלאַנד. אין זיין חדשים אַרום נאָך
קראָמװעלס טויט איז קאַרל דעם 1־טנס זון, דער טראָנ־
פאָלגער פון געקעפטן קעניג געװאָרן קעניג פון ענגלאַנד.

מיטן טויט פון קראָמװעלן איז אויך געשטאָרבן די
ענגלישע רעפּובליק, אָבער פאַרבליבן זענען די דעראָבערונ־
גען, פאַרבליבן איז ענגלאַנדס גרויסמאַכט, פאַרבליבן זענען
די אַלע אײַנגענומענע לענדער, װעלכע די הײַנטיקע מעכ־
טיקע בריטישע מלוכה האָט צו פאַרדאַנקען דעם עדינגטאָ־
נער פערמער, אָליװער קראָמװעל.

און אַלס דאַנק־אויסדרוק פאַר זײַנע גרויסע מעשים,
האָט אים דאָס פאָלק אײַנגעאָרדנט אַזאַ פּרעכטיקע לויה,
װעלכע מ׳האָט נאָך ביז אים אין ענגלאַנד קײנעם נישט
אײַנגעאָרדנט. אַכציק טויזנט פונט האָט די דאָזיקע לויה־
דעמאָנסטראַציע אָפּגעקאָסט. זײַן קערפּער איז באַגראָבן גע־
װאָרן אין דער װעסטמינסטער־קירכע, װאו דער קבר גע־
פינט זיך ביז הײַנטיקן טאָג.

# די רעוואלוציע אין ענגלאנד

## (אָליווער קראָמוועל)

מ. [illegible]. קאראָלין

59

גראשן-ביבליאטעק

פרייז 30 גראָשן